# מיין משפחה

פסח צבי קורלענדער־שוואַרץ — מיין פאָטער

וויטעל לאה באַראַש־שוואַרץ — מיין מוטער

חיה פערל שוואַרץ־יאַמניאַק — עלטסטע שוועסטער

מייטע באַראַש־שוואַרץ — יונגערע שוועסטער

בנימין שוואַרץ — עלטסטער ברודער

סענדער שוואַרץ — יונגערער ברודער

שמואל יהודה יאַמניאַק — פערלס מאַן

ניסן שוואַרץ — דער פאַרצייכנער פון די זכרונות



מיַין שװעסטערס לײַכטער, געניצט 35 יאָר אין פּאַריז.

*

ווייל איך בין אליין געבליבן
און נאָך מיר וועט בלייבן קיינער,
וויל איך אלעם דאָ פארשרייבן
פון משפחה אַט פון מיינער.

טייל פון זיי זענען געשטאָרבן
פון א טויט, א גאנץ נאָרמאלן,
און א טייל איז אומגעקומען
פון די דייטשע קאניבאלן.

איך וויל שעפּן און פארשרייבן,
פון דעם קוואל פון וייטע יאָרן.
זאָל פון דעם וואָס איז געוועזן
כאָטש פארבלייבן א זכרון.

כ׳גיי צוריק ביז יאָרן פריע,
כ׳שטרענג זיך אָן אלץ צו דערמאָנען:
א קעלער־שטוב, פיר נאסע ווענט —
ביי דער טיר, צוויי וואסער־קאנען.

1

אין קריג פון רוסלאַנד מיט טערקיי
ז׳געווען מיין פאָטער אַכצן יאָר.
אָנשטאָט צו גיין אין דער אַרמיי,
איז ער פון דאָרט אַנטלאָפן גאָר.

ר׳איז די גרענעץ דאָן אַריבער.
אין אַן אַנדער לאַנד געקומען,
די שטאָט וואו ער איז פאַרפאָרן, —
בראָד געווען איז איר נאָמען.

אַ גרענעץ־שטאָט איז עס געווען,
שטענדיק פול מיט נייע מענטשן.
בתי־מדרשים תמיד פול,
ווער צום דאַוונען, ווער צום בענטשן.

מער ווי אַכציק בתי־תפילה
זענען אין דער שטאָט געווען,
ווער האָט פון די בראָדער זינגער
נישט געהערט אָדער געלעזן.

אין איינעם פון די בתי־תפילה
איז מיין טאַטע אַנגעקומען.
דאָרטן האָבן אַלע דאַוונער
אים גאַנץ פריינטלעך אויפגענומען.

קיין עם־הארץ נישט געווען
געקומען דאָך פון ליטע־לאַנד.
נישט נאָר שאַרף דער קאָפּ געווען אים,
נאָר אויך אַ מאדים מיט דער האַנט.

די נגונים וואָס ער געבראַכט האָט
פון דער אַלטער היים מיט זיך,
האָבן אַלע פון בית־מדרש
אויסגעלערנט זייער גיך.

אַ שיינער בחור ז'ער געווען,
לערנען אויך געקאָנט נישט שלעכט,
פלעגט ער אין בית־מדרש בלייבן
נאָך דעם דאַוונען גאַנצע נעכט.

עס פאַרשטייט זיך, אַזאַ בחור
אין בית-מדרש גאַנץ אַליין,
האָבן יידן זיך גענומען
אים צו געבן צו פאַרשטיין.

צוגעהערט וואָס פלעגן רעדן
יידן אין בית-מדרש דאָרט,
און אינמיטן זייער רעדן
אויך געזאָגט אַמאָל אַ וואָרט.

מ'האָט אים דאָרט שטאַרק ליב געקראָגן,
עפּעס גאָר אַ פיינער בחור;
מ'האָט אים אָנגעהויבן ברענגען
אין די שטיבער אַלס באַזוכער.

מסתם אין איינער פון די שטיבער
וואו מיין טאַטע פלעגט באַזוכן,
האָט ער מיין מאַמען דאָרט באַגעגנט —
אָדער אפשר דורך אַ שדכן?

2

געפּרוּווט פּרנסות אַלערליי,
עס איז אָבער שווער געוועזן,
ביז ער האָט ביי זיך באַשלאָסן
זיך אין־וועג־אַריין צו לאָזן.

צוויי קינדער זענען שוין געוועזן,
קלענער איינס געוועזן פון צווייטן ;
אַוועק צו פריינד און באַקאַנטע
כדי מיט זיי זיך צו באַראַטן.

צווישן זיינע פריינד, די נאָנטע
איז געוועזן דאָרטן איינער,
וואָס געגרייט האָט זיך צו פאָרן
צו אַ ווייטער קרובה זיינער.

קיין אַמעריקע, דער ווייטער
איבער ווייטע, גרויסע ים'עז.
האָט געזאָגט דער פריינד צום טאַטן —
לאָמיר פאָרן גאָר צוזאַמען.

דער טאַטע איז אַהיימגעקומען
און דערציילט עס צו דער מאַמען.
האָט עס איר שטאַרק אָנגענומען
און געבראָכן איז צוזאַמען.

ווי קאָנסטו מיך דאָ איבערלאָזן
מיט צוויי קליינע פּיצלעך קינדער,
ווי וועל איך זיך אַן עצה געבן,
קאָן איך דען באַווייזן וואונדער?

זי האָט געוויינט, די הענט געבראָכן,
די קינדער נעבן איר געשטאַנען:
גאָט גערעכטער, האָב רחמנות!
ווי וועל איך לעבן, און פון וואַנען?

ס'איז דער טאַטע שטיל געשטאַנען
און דורך דעם פענצטער האָט געקוקט,
האָט קיין וואָרט איר נישט געענטפערט,
מיט זיינע טרערן זיך געשטיקט.

װען די צײַט איז אָנגעקומען
און ער האָט באַדאַרפֿט אָפּפֿאָרן,
איבערגעלאָזט האָט ער דער מאַמען
אַלץ, װאָס ר׳האָט געקאָנט אָפּשפּאָרן.

גענומען האָט ער זײַנע זאַכן,
געקושט דער מאַמען מיט די קינדער.
געקושט האָט ער אױך די מזוזה
מיט אַ כּוונה גאַנץ באַזונדער.

3

ווי נאָר ער איז אַרויס פון הויז
זענען אַלע שטיל געבליבן.
עס האָט זיך קוים געהערט נאָר בלויז
דעם שטוב־זייגער שלאָגן זיבן.

די מאַמע האָט זיך נישט פאַרלוירן,
זי האָט געוואוסט, עס וועט זיין שלעכט.
איר ביטחון נישט אָנגעוואוירן,
זי האָט געטראַכט: ס'קאָן אויך זיין רעכט.

שטיל געטאָן האָט זי די אַרבעט,
אין דער שטוב און ביי די קינדער.
צוגעקומען נאָך אַ תפילה
פאַר דעם טאַטן גאַנץ באַזונדער.

שכנות זענען אויך געקומען,
איר געטרייסט און איר געהאָלפן.
ווער אַן עצה האָט געגעבן,
ווער די קינדער געלייגט שלאָפן.

מיט דעם ביסל וואָס געלאָזן
האָט דער טאַטע פאַר זיין פאָרן,
ווי אויך פון די זאָקן שטריקן
וואָס זי־האָט געטאָן פון יאָרן,

האָט די מאַמע איינגעאָרדנט
אירם, ווי אויך די קינדערס לעבן.
פאַר די קינדער צוויי די קליינע
האָט זי אַלעס אָפּגעגעבן.

געווען די מאַמע איז אַ שוואַכע,
אָנגעהויבן פרי צו קרענקען.
איצט מיט קינדער צוויי געבליבן
און צום טאַטן אויך דאָס בענקען.

פיל מאָל פלעגט זי צו זיך מורמלען:
אַ גרויסער גאָט! עס איז מיר שווער.
האָט זיך צוגעזעצט אַ מידע
און אָפּגעווישט פון אויג אַ טרער.

אַלעס וואָס עס האָט געדריקט איר
האָט זי טיף אין זיך געטראָגן,
און צו שטילן די יסורים
תחינות האָט גענומען זאָגן.

אָפּגעזונדערט האָט געלעבט זי
ז'איז נישט געווען פון דער שטאָט,
איר פאַמיליע, אויך דעם טאַטנס,
האָבן נישט געוואוינט אין בראָד.

4

אַוועקגעלאָזט האָט זיך דער טאַטע
מיט זיין פריינד אין לאַנגן וועג,
ביז זיי זענען אָנגעקומען
האָט געדויערט דרייסיק טעג.

זיי האָבן זיך נישט אָפּגעשטעלט
אין ניו־יאָרק, ווי יעדער איינער,
נאָר געלאָזט זיך, אין טעקסאַס־שטאַט
וואו עס פלעגט דאַן פאָרן קיינער.

האָט געקויפט אַ פּאַק מיט סחורה,
זיך געלאָזט אויף ווייטע וועגן,
און אַזוי איז ער געגאַנגען
צי אין זון־שיין, צי אין רעגן.

—

צוריק מיט יאָרן, מער ווי זיבעציק,
אין גאַנצן אַנדערש איז געווען.
נישט קיין באַנען, וועגן ווינציק,
און אויף דעם וועג, קיין מענטש צו זען.

שעהען לאַנגע פלעגט ער גיין
און ער פלעגט זיך שטאַרק באַמיען,
דאָס ביים אָנקומען פון אָוונט,
צו אַ פאַרם־הויז כאָטש דערציען.

ווען ער פלעגט אַן אָרט דערגרייכן,
וואו געוואוינט דאָרט האָבן מענטשן,
האָט ער באַלד דעם פאַק געוואָרפן
און געשטעלט זיך דאַוונען, בענטשן.

ער פלעגט דאָרט זיין סחורה ווייזן
צו די מענטשן פון דעם הויז,
און זיי האָבן אויסגעקליבן
וואָס געדאַרפט זיי האָבן בלויז.

מ׳האָט אים שטענדיק איינגעלאַדן
צו פאַרבלייבן אויף איבער נאַכט;
ווען ס׳איז שווער געווען דאָס שלאָפן
האָט ער פון זייניקע געטראַכט.

אין דער פרי, ווייטער געגאַנגען
מיט דעם פּאַק שווער אָנגעלאָדן,
ווען ס'איז די זון אַרויסגעגאַנגען
אין אייגן שווייס האָט זיך געבאָדן.

אָט אַזוי האָט זיך געצויגן
דאָס געמוטשעטע שווערע לעבן,
ביז ער האָט אַמאָל באַשלאָסן
עס איז אינגאַנצן אויפצוגעבן.

פיל מאָל די נעכט אין פעלד פאַרבראַכט,
אַ ישוב ווייט פון אים געווען.
פאַרלאָזט האָט ער זיך נאָר אויף גאָט,
דאָס ס'וועט מיט אים גאָרנישט געשען.

דער פּאַק געווען זיין צוקאָפּנס,
דער טלית-תפלין, ביי דער זייט;
אין מיטן נאַכט פלעגט ער דערהערן
ווי חיות שרייען פון דער ווייט.

ס'האָט אים שטאַרק אַהיים געבענקט זיך,
ווען ער פלעגט זיך נאָר דערמאָנען
אין דער מאַמען מיט די קינדער,
וואָס זיי זענען ווייט פון דאַנען.

איין זאַך האָט אים שטאַרק געערגערט:
וואָס ר'האָט נישט געקאָנט אָפּהיטן
יידישקייט ווי ער געוואָלט האָט,
אין אָט דעם לאַנד אין אָט דעם ווייטן.

נישט קיין שבת, נישט קיין יום-טוב,
נישט קיין יידיש וואָרט צו הערן.
שטענדיק גיין פון אָרט צום צווייטן
מיט דעם פּאַק אויף זיך דעם שווערן.

טיף ביי זיך אין האַרצן אָבער
האָט אים געפּלאָגט נאָר איין געדאַנק,
וואָס נישט קאָנען זיינע קינדער
יידן זיין ווי נאָך זיין פאַרלאַנג.

מילא ער, געווען געצוואונגען,
צוליב פרנסה אַט דער שווערער,
דאָס פרומקייט זיינס, געמוזט פאַרבייגן
וואָס אַ טאָג אַלץ מער און מערער.

עס האָט אַפילו אויך געטראָפן,
דאָס די מענטשן וואו ער פלעגט קומען,
האָבן געלט געוואָלט אים לייען
ער זאָל זיינע אַריבערנעמען.

באַלד צוויי יאָר זענען פאַרגאַנגען,
וואָס ר׳איז געווען אַוועק פון היים,
ביז ער האָט ביי זיך באַשלאָסן
ער וועט דאָ ווייטער מער נישט זיין.

ער האָט געטראַכט און באַשלאָסן:
ער וועט צוריק אַהיים גאָר פאָרן.
ווידער זיין מיט דער משפחה,
דאָרט אויסלעבן זיינע יאָרן.

5

אין שטוב געגאַנגען איז דאָס לעבן,
ווי איך האָב שוין פריער באַשריבן.
שווער פאַר דער מאַמען מיט די קינדער,
וואָס מיט איר זענען געבליבן.

די מאַמע פלעגט אָפט באַקומען
אַ בריוו, ווי אויך אַ ביסל געלט,
וואָס דער טאַטע צוגעשיקט האָט
פון גאָר דער ווייטער גרויסער וועלט.

געהאָפט האָט זי, ווי אויך געבעטן:
זאָל דער טאָג שוין קומען שנעלער,
ווען דער טאַטע אַהיים וועט קומען,
וועט דאָס לעבן ווערן העלער.

עס איז געווען אַ מיטן טאָג
ווען דער טאַטע איז געקומען.
אויפגעעפנט ער די טיר האָט
און אַריין האָט זיך פאַרנומען.

אַלע האָבן זיך געוואונדערט
און געקוקט מיט שטאַרע אויגן,
און די מאַמע איז געשטאַנען
מיט דעם קאָפּ אַראָפּגעבויגן.

אַ טבע האָט געהאַט דער טאַטע,
כדי נישט קומען אים באַגריסן
ווען ער האָט באַדאַרפט אָנקומען,
פריער נישט צו לאָזן וויסן.

אויך אַזוי האָט ער געהאַנדלט
אין די שפּעטעדיקע יאָרן,
ווען ער האָט באַדאַרפט אָנקומען,
אָדער האָט באַדאַרפט אָפּפאָרן.

די קינדער האָבן זיך באַהאַלטן
אין אַ ווינקל פון דעם חדר,
און געהאַלטן אין איין קוקן
אויף דעם טאַטן נאָר כסדר.

אויך געווען אויף וואָס צו קוקן,
ווייל נאָך די צוויי לאַנגע יאָרן
אויסגעזען אינגאַנצן אַנדערש,
ווי ווען ער איז אַפּגעפאָרן.

דער גרויסער הוט, די נייע קליידער,
אַלץ וואָס איז געווען אַרום אים,
האָט אים געמאַכט אינגאַנצן אַנדערש,
ס'האָט זיך געענדערט אויך זיין שטים.

ר'האָט אַוועקגעשטעלט די זאַכן
אין אַ ווינקל גאַנץ באַזונדער,
האָט אַלעמען אַרומגענומען,
געקושט דער מאַמען מיט די קינדער.

האָט דאָס עלטסטע קינד גענומען,
אַוועקגעזעצט אויף זיינע קני;
האָט דערפילט, דאָס אַלץ אַרום אים
איז ווערט געווען זיין גאַנצע מי.

די מאַמע איז ביים טיש געזעסן,
זיך צוגעהערט צו זיינע רייד;
האָט אינגאַנצן גאָר פאַרגעסן
די שווערע טעג פון פיין און לייד.

ווען געקוקט נאָר אויף דער מאַמען,
האָט דער טאַטע באַלד פאַרשטאַנען,
אַלע צרות, ווי אויך ליידן,
וואָס זי איז דאָ אויסגעשטאַנען.

ר'האָט געפילט ביי זיך אין האַרצן
דאָס די שולד געווען איז זיינע,
וואָס ער האָט זי דאָ געלאָזן
מיט די קינדער מיט די קליינע.

אָפּגערוט זיך פון דער רייזע,
געזען די פריינד, ווי אויך באַקאַנטע,
איבערגעגעבן אַלע גרוסן,
וואָס געהאַט האָט פון פאַרוואַנדטע.

ר׳האָט זיך ווידער איינגעאָרדנט,
צוגעוואוינט צום נייעם לעבן;
מיט דער היים, מיט דער משפחה,
מיט דער שטוב זיך אָפּגעגעבן.

עס איז אָבער שווער געגאַנגען
די פּרנסה צו פאַרדינען;
אַלץ וואָס ר׳האָט אונטערגענומען
איז ווי וואַסער אויסגערונען.

וואָס האָט ער דען נישט געטאָן דאַן,
געמיסחרט האָט מיט פילע זאַכן,
כדי ער זאָל פאַר דער משפחה
כאָטש פּרנסה קאָנען מאַכן.

יאָרן זענען זיך געגאַנגען,
נאָך צוגעקומען קינדער דריי;
ס׳זענען איצטער פינף געוועזן
מיט די פריערדיקע צוויי.

די מאַמע האָט געפֿילט די צרות
פֿון פּרנסה, פֿון דער בידנער.
כאָטש זי איז געווען פֿאַרנומען
מיט דער שטוב און מיט די קינדער,

האָט זי אָבער גוט פֿאַרשטאַנען,
האָט געזען אין טאַטנס פּנים,
ווי עס איז אים שווער געגאַנגען
ווען ער פֿלעגט אַהיים נאָר קומען.

ווידער איז די צייט געגאַנגען,
יאָרן, וואָכן און אויך טעג,
ביז ער האָט ביי זיך באַשלאָסן
ווידער לאָזן זיך אין וועג.

שטיל די מאַמע האָט געשוויגן,
זי האָט געוואוסט: ס'וועט נישט העלפֿן,
זאָל ער טאָן ווי עס געפֿעלט אים,
אפֿשר וועט אים גוטס נאָך טרעפֿן.

גאַנץ פרי איז ער אויפגעשטאַנען,
צוגעגרייט האָט ווינציק זאַכן;
די מאַמע האָט זיך שטיל באַמיט
עפּעס שפּייז פאַר אים צו מאַכן.

שטיל פון שטוב אַרויסגעגאַנגען
מיט דעם קאָפּ אַראָפּגעבויגן,
זיי געזונט געזאָגט דער מאַמען
און געקוקט איר אין די אויגן.

דאָס געפּעק איז לייכט געווען אים,
דאָס האַרץ ביי אים געווען איז שווער;
אין די אויגן ר'האָט אין זיינע
פון מאָל צו מאָל דערפילט אַ טרער.

צו דער באַן איז ער געגאַנגען —
מיט איין מינוט געווען צו שפּעט,
און די באַן איז אָפּגעפאָרן,
ווי ס'וואָלט אים געווען באַשערט.

ער איז געבליבן שטיל פֿאַרטראַכט,
געזען די באַן ווי זי פֿאַרשווינדט;
נאָכגעקוקט איר מיט אַ בענקשאַפֿט
ווי מען קוקט נאָך אַן אייגן קינד.

אפשר איז עס גאָר פון הימל,
איך זאָל איצט נישט אָוועקפֿאָרן;
אפשר דאַרף איך גאָט גאָר דאַנקען,
וואָס עס איז אַזוי געוואָרן.

ער איז אין שטאָט צוריקגעגאַנגען,
פּאַוואָליע און מיט קליינע טריט;
געפֿילט האָט ער ווי ר'איז באַלאָדן
מיט אַ גרויס און שווער געמיט.

די מאַמע האָט געהאַט אַ ברודער,
אין פּאַריז געוואוינט האָט ער גאָר.
צוליב געשעפטן פלעגט ער קומען
צו אונדז אין שטאָט אַ יעדעס יאָר.

די פעדערן פון הין און הענער,
פלעגט ער ביי אונדז אין שטאָט אויפקויפן;
פאַבריקלעך פיל אין שטאָט געוועזן
אונטער די הייזער, אין די הויפן.

מען פלעגט אין שטאָט ביי אונדז זיי קלייבן,
זיי רייניקן און אויך זיי פּוצן;
אין פּאַריז וואו ער געוואוינט האָט,
צו פרויען־הוט פלעגט מען זיי נוצן.

די מאַמע האָט דערציילט איר ברודער
ווי מיט פּרנסה גייט זייער שווער,
און האָט ביי אים געפרעגט אַן עצה
און אַזוי געענטפערט איר האָט ער:

זאָל דער טאַטע בעסער האַנדלען
מיט פעדערן וואָס איך קויף אויף.
ער האָט איר געלט אויך געגעבן,
ס׳זאָל זיין אויף שפּעטער אַן אַדערויף.

דעם עלטסטן ברודער האָט דער פעטער
קיין פּאַריז מיט זיך גענומען,
ער זאָל ביי אים דאָס פאַך אויסלערנען,
זיך זיין לעבן דאָרט געפינען.

אין זעלבן הויז וואו מען האָט געוואוינט
איז אין הויף אַ שטוב געשטאַנען,
ליידיק איז די שטוב געווען,
גאַרנישט דאָרט געווען פאַרהאַנען.

דער טאַטע האָט די שטוב געדונגען,
אַ פאַבריקל דאָרט געמאַכט;
אַלעס וואָס געווען איז נייטיק,
האָט ער אַהין אַריינגעבראַכט.

אַריינגעקומען ביידע שוועסטער
אויך נאָך מיידלעך פון דעם פאַך;
דער הויף איז אויפגעלעבט געוואָרן
פון געזאַנג און פון געלאַך.

אַט אַזוי האָט מען געאַרבעט
פון אין דער פרי ביז שפּעט ביינאַכט;
עס האָט ווי אַ נײַ לעבן
ביי אַלעמען אַריינגעבראַכט.

צווישן זיינע פיל באַקאַנטע
וואָס דער טאַטע האָט געהאַט,
איינער וואָס ער פלעגט באַקומען
פון ניו-יאָרק, דאָס ציימונגס-בלאַט.

ווען זיין פריינד האָט דורכגעלעזן
די ציימונגען וואָס ר'האָט באַקומען,
פלעגט ער זיי דעם טאַטן געבן
און ער האָט זיי אַהיימגענומען.

ר'האָט זיי געבראַכט אין פאַבריק,
ווי זיין מנהג איז געווען,
און ער האָט אַ יעדן אָוונט
פאַר די מיידלעך זיי געלעזן.

ווען דער טאַטע פריי געווען איז,
קיין אַרבעט האָט ער נישט געהאַט,
פלעגט ער זיך זעצן אין אַ ווינקל
און אויסגעשפרייט דאָס ציימונגס-בלאַט.

דאַמאָלט האָט ווי אַ נשמה
גאָר אַ נייע זיי באַלעבט,
און זיי האָבן זיך צום טאַטן
זיך געווענדט מיט אַ געבעט:

אוי! רב פסח טייערינקער,
שוין מיר האָבן אָפּגעגעסן;
לייענטזשע ווייטער דעם ראָמאַן אונדז,
ווייל מיר קאָנען נאָך פאַרגעסן.

און אזוי אַ יעדן אָוונט,
ווי נאָר מען האָט געשטילט דעם הונגער,
פלעגט מען הערן נאָר דעם טאַטן
און אויף דעם טיש, די מיידלעכס פינגער.

וואו די פעדערן זיי האָבן
אויסגעקליבן מיט די הענט,
און די שאָטנס פלעגן טאַנצן
אויף דער סטעליע, אויף די ווענט.

ס'האָט אַן אַנגענעמע שטילקייט
אַלעמען אַרומגענומען,
אָנגעשטרענגט געווען אַ יעדער,
ס'זאָל קיין וואָרט נאָר נישט פאַרזוימען.

אָט אַזוי האָט זיך געצויגן,
ביז ס'האָט די שעה געשלאָגן ניין,
און ביז יעדער האָט גענומען
זיך צו גרייטן אַ היים צו גיין.

איינע פון די אַלע מיידלעך,
איר נאָמען עטל איז געווען.
דורך איר פלעגט מען תמיד וויסן
וואָס אין שטאָט עס איז געשען.

לידלעך זינגען פון טעאַטער,
נייעס וואָס עס פלעגט פּאָרקומען,
פון בחורים און פון מיידלעך,
ווער עס וועמען האָט גענומען.

ווער עפּעס נישט געוואוסט האָט,
[redacted] באַדאַרפט וועמען צו פרעגן,
ווער עס האָט זיך אין דער אַרבעט
נישט געוואוסט ווי אויסצוטויגן.

האָט זי יעדן אויסגעהאָלפן,
מיט אַ וואָרט און מיט אַ שמייכל.
איבעראַל האָט אָנגעווענדט
איר גוט האַרץ ווי אויך איר שכל.

געקומען פון אַ שטוב אַן אָרעמער,
געווען דער טאַטע, וואַסער-טרעגער.
די מאַמע האָט געטראָגן עופות
אַ האַלבן טאָג, ביז צוועלף דעם זייגער.

הויך און שלאַנק איז זי געווען,
ווי גאָלד געווען אירע האָר;
ווען זי איז אין גאַס געגאַנגען
האָט אויף איר יעדער געקוקט נאָר.

עס פלעגן קומען צו די פענצטער
בחורים טשעפּען זיך צו איר;
זי האָט זיך אָבער נישט פאַרלוירן,
פאַרקלאַפּט האָט זי פאַר זיי די טיר.

און ווען זי איז אויף דעם שפּאַציר
שבת נאָר אַרויסגעגאַנגען,
האָט יעדער איר אַנאָכגעקוקט,
ווי פון כשוף נאָר געפאַנגען.

זונטיק פרי פלעגט עטל קומען
צו דער אַרבעט, ווי אַ וויכער.
האָט זיך ביים טיש אַוועקגעזעצט
און דערציילט האָט אַלץ וואָס גיכער.

האָט געבראַכט די לעצטע נייעס
פון שבתדיקן גאַס-שפּאַציר;
ווען זי האָט דאָרט באַגעגנט,
אויך ווער עס האָט געקוקט אויף איר.

ווער מיט ווען איז געגאַנגען,
ווער אַ ניי קלייד האָט געטראָגן.
הוט און שיך נישט אויסגעמיטן,
אויך איר וואָרט געהאַט צו זאָגן.

ווער צו ווען אַן אויג געוואונקען,
ווער צוגעוואָרפן האָט אַ שמייכל;
ווער דעם קאָפּ עס האָט פאַרלוירן,
ווער געהאַלטן זיך מיט שכל.

קיינער האָט שוין נישט געאַרבעט,
אויפגעהערט די הענט באַוועגן.
אַלע האָבן זיך פאַרקוקט נאָר,
אויף עטלם מויל און אירע אויגן.

דער טאַטע האָט נעבעך געשוויגן,
עס האָט קיין ריידן נישט געהאָלפן;
ער האָט געמוזט געדולדיק וואַרטן
ביז ס׳וועט זונטיק איבערלויפן.

די בלעטער זענען זיך געלעגן
ווי פאַריתומט אין אַ זייט;
אויך זייערע ראָמאַנען האָבן
געמוזט וואַרטן זייער צייט.

אָט אַזוי האָט זיך געאַרבעט
אין פאַבריקל ביי מיין טאַטן;
מ׳איז געווען ווי איין משפחה,
קיינער נישט געוואָלט עס בייטן.

9

די וואָך איז מען געווען פאַרהאָרעוועט,
ווינציק איז מען געווען אין הויז.
מען איז נאָר אַהיימגעקומען
נישט מער ווי עסן, שלאָפן בלויז.

אָבער פרייטיק ערב-שבת,
ווען ס'האָט דער זייגער צוועלף געשלאָגן,
האָט אַ יעדער ווי אויך אַלעם
אַן אַנדער פנים גאָר געקראָגן.

ווען דער טאַטע איז געקומען
פון בית מדרש, פרייטיק צו נאַכט,
האָט ער קיינמאָל נישט פאַרגעסן
מיט זיך אַן אורח מיטגעבראַכט.

נאָך דעם עסן פלעגט דער טאַטע
צו זיין פריינד גיין אויף באַזוך;
נעמען פלעגט די עלטסטע שוועסטער
פאַר אונדז לייענען שמר'ס בוך.

מיידלעך פון די שכנים׳ס שטיבער
פלעגן צו אונדז אריינקומען
נאָר צו הערן, ווי מיין שוועסטערס
לייענען האָט זיי דורכגענומען.

די מאַמע מיט דעם צאנה־וראנה,
ביי דעם טיש איז זי געזעסן,
האָט געלייענט פון וואָך די סדרה,
זיך אַליין אין דעם פאַרגעסן.

צווישן טאַטנס ספרים זענען
אַנדערע ביכער אויך געווען,
אין העברעיש אויך אין יידיש,
וואָס ער פלעגט זיי שטענדיק לעזן.

שולמאַנס דברי ימי עולם,
פלאַוויוס יידישע מלחמות,
די וואונדער־ביכער פון זשול ווערן
געשכנט מיט דער מאַמעס תחינות.

פון אַמעריקע אַ צייטונג
וואָס ר'האָט פון אַ פריינד באַקומען,
אויך דאָס לעמבערגער טאָג-בלאַט
האָט זיך אויך ביי אונדז געפונען.

שכנים פלעגן צו אונדז קומען,
הערן וואָס טוט זיך אויף דער וועלט,
און די מאַמע אויף דעם טיש האָט
טיי און קיכלעך אַוועקגעשטעלט.

ס'איז קיין רייך לעבן נישט געווען,
די פרנסה געווען איז שווער;
מען האָט אַלעם ליב גענומען,
עס האָט זיך נישט געוואָלט פיל מער.

אַט אַזוי האָט עס געפירט זיך
אונדזער אַלט יידיש לעבן,
וואָס פון פריערדיקע דורות
מען האָט אונדז איבערגעגעבן.

ס'איז געווען אַ פֿרידלעך לעבן,
מיט אַן אינהאַלט און אַ זינען;
מען האָט זיך געקאָנט דערלויבן
חלומות אויך אַביסל שפּינען.

געוועזן קינדער זענען פינף —
מיידלעך צוויי און ייִנגלעך דריי.
אַלע האָבן שוין געאַרבעט,
איך אַליין געוועזן בין פריי.

ווען כ׳בין געוועזן אַלט פינף יאָר,
בין איך אין חדר שוין געגאַנגען.
פון דערפרי ביז שפּעט נאָכמיטאָג
פלעג איך דעם טאָג דאָרטן פאַרברענגען.

ווען איך פלעג אַהיים נאָר קומען,
די מאַמע איז געוועזן אַליין;
זי האָט מיך אַרומגענומען
און מיר געגעבן צו פאַרשטיין:

מיר געזאָגט ווי גוט עס וועט זיין
ווען איך וועל מיך גוט נאָר לערנען.
און איך זאָל נאָר אַלעם פאָלגן
און דעם רבין נישט דערצערנען.

איך האָב איר געמוזט דערציילן
וואָס געלערנט כ׳האָב אין חדר;
אויב עס טוט מיר דאָרט געפעלן
צי איך וויל דאָרט גיין כסדר?

זי האָט מיך צו זיך געטוליעט
האָט מיך נישט געוואָלט אָפּלאָזן,
ווי געוואָלט מיט מיר פאַרגיטן,
וואָס מ׳האָט זי אַליין געלאָזן,

זי האָט זיך מיט מיר באַשעפטיקט
ביז די אַנדערע זענען געקומען,
דאַן בין איך שוין גוט געשלאָפן
אין חלומות שטאַרק פאַרנומען.

איך האָב קיין מזל נישט געהאַט
לאַנג צו זיין מיט איר צוזאַמען;
איך זאָל מיינע קינדער־יאָרן
כאָטש פאַרברענגען מיט מיין מאַמען.

כ׳האָב קוים דערגרייכט דאָס אַכטע יאָר
ווען מיין מאַמע איז געשטאָרבן.
דורך אַ נעפּל פאַר די אויגן
גייט פאַר מיר פאַרביי איר לעבן.

ווען זי פלעגט ביינאַכט פאַרבלייבן
מיט מיר אין שטוב, די שעהען שטילע,
פלעגן אירע ליפּן מורמלען
ווי צו גאָט פאַר מיר אַ תפילה.

ווען כ׳טו זיך נאָר אין איר דערמאָנען,
דערזע איך באַלד פאַר מיינע אויגן,
ביי דעם טיש מיט דעם טייטש-חומש,
איז זי געזעסן איינגעבויגן.

נאָך אַ בילד פאַרפאָלגט מיך שטענדיק:
ווען זי פלעגט די זאָקן שטריקן,
נאָר די הענט פלעגט זי באַוועגן,
צו מיר געווענדט אירע בליקן.

ז'איז אַלץ מערער קראַנק געוואָרן,
שווער געוועזן דער יאָך פון לעבן.
אַלץ וואָס זי האָט נאָר געקאָנט,
האָט זי פאַר אונדז אָפּגעגעבן.

ווען ז'איז אויף דעם בעט געלעגן,
געוועזן שוין די לעצטע טעג,
אָפּגעשוואַכט פון קרענק און ליידן,
געגרייט האָט זיך צום לעצטן וועג.

האָט זי צום בעט די עלטסטע שוועסטער
צוגערופן, און איר דערמאָנט:
כ'וויל דו זאָלסט עס מיר צוזאָגן
און איר גענומען ביי דער האַנט.

כ'בין אין קלייטל אַ קליינעם הויב
געבליבן שולדיק, נישט פון לאַנג;
נישט פאַרגעס עס צו באַצאָלן,
ווען איך וועל גיין דעם לעצטן גאַנג.

די שוועסטער איז געבליבן שטיל,
זי האָט קיין וואָרט אַרויסגערעדט,
ז'איז געשטאַנען ווי פאַרציטערט,
געפילט אויף זיך דער מאַמעס גלעט.

ס'איז געווען די לעצטע ווערטער,
וואָס זי האָט שטיל צו איר גערעדט;
אין די אויגן איז געווען
אַן אויסדרוק ווי פון אַ געבעט.

נישט פיל פרייד און נישט פיל נחת
איר לעבנס-וועג האָבן באַגלייט.
שטיל האָט זי דעם יאָך געטראָגן
ביז זי מיט אונדז האָט זיך צעשיידט.

## 11

דער פריער טויט פון מיין מאַמען
האָט מיך געלאָזט קוים אַכט יאָר בלויז.
די עלטסטע שוועסטער האָט געהאַט
דעם יאָך פון אַרבעט און פון הויז.

נאָך דעם שטאַרבן פון דער מאַמען
האָט די שטוב באַהערשט אַ טרויער;
אַלץ געווען איז איינגעוויקלט
אין אַן אומעט, גאָר אַ גרויער.

אַ שטילקייט האָט געהערשט אַרום אונדז!
געלעבט, מיר האָבן ווי עס איז.
דער צווייטער ברודער איז שוין אויך
געווען געפאָרן קיין פּאַריז.

איך געגאַנגען בין אין חדר,
געווען אַ בחור אַן עין־הרע.
דאָרט פאַרבראַכט דעם גאַנצן טאָג,
געלערנט האָב איך שוין גמרא.

אין בית־מדרש פון מיין טאַטן
נאָך דעם חדר פלעג איך קומען.
דאָרט געדאַוונט מנחה־מעריב
און אויך קדיש דאָרטן זאָגן.

אין בית־מדרש פלעגן ייִדן
משניות לערנען יעדע נאַכט.
און דער טאַטע פלעגט דאָרט לערנען,
און איך מיט קינדער, האָב פאַרבראַכט.

נאָכדעם פלעגן מיר אַהיימגיין,
וואו געוואַרט האָבן די שוועסטער.
אָוונט־ברויט האָט מען געגעסן
אין דער שטילקייט אין דער גרעסטער.

נאָך דעם עסן פלעגט דער טאַטע
אַריינגיין צום בעל־בית פון הויז.
מיר זיינען שטוב געבליבן —
איך און מיינע שוועסטער בלויז.

די עלטסטע שוועסטער האָט פאַרנומען
דאָס אָרט ביי מיר פון דער מאַמען.
זי האָט אַלעם אויפגעגעבן
נאָר מיט מיר בלייבן צוזאַמען.

ז׳האָט צו מיר זיך צוגעבונדן
ווי געוואָלט האָט מיך אָפּהיטן,
עס זאָל מיר קיין זאַך געשען,
עס זאָל מיר קיין זאַך נישט שאַטן.

אַלץ אויף זיך האָט זי גענומען,
געאַרבעט, און די שטוב פאַרזאָרגט.
ווען געלט אַמאָל האָט אויסגעפעלט,
האָט אין געוועלב אויסגעבאָרגט.

פרייטיק אָוונט, נאָך דעם עסן,
איז נישט געווען מער ווי אַמאָל.
ס׳האָט ביים טיש געפעלט די מאַמע
דעם צאנה-וראנה לייענען זאָל.

דער טאַטע האָט פאַרלאָזט די שטוב,
געגאַנגען ערגעץ אויף באַזוך.
די שוועסטער איז געווען פאַרטיפט
אין אויף שבת-געבאָרגטן בוך.

איך האָב ליב געהאַט צו קוקן
ווי די שבת-ליכט נישט ווערן.
אויך דאָס שמעלצן פון דעם חלב
האָב איך ליב געהאַט צו הערן.

יעדער איז זיך שטיל געזעסן
אַזוי פאַרטיפט אין זיין ווינקל.
נישט באַמערקט האָט מען אין גאַנצן,
ווי עס איז געוואָרן טונקל.

ווען די ליכט האָבן געהאַלטן
צאַנקען און פאַרלאָשן ווערן,
איז אַ יעדער זיך געגאַנגען
לייגן שלאָפן גאָר נישט גערן.

שבת פרי האָט מיך דער טאַטע
אין בית-מדרש מיטגענומען.
דאָרט האָב איך געהאַט חברים,
וואָס זענען אויך אַהינגעקומען.

ווען די טאַטעס מיט דעם דאַווגען
זענען שטאַרק געווען פאַרטיפט,
זענען מיר, דאָס גאַנצע יונגוואַרג
געווען אין הויף און זיך געשפּילט.

שבת נאָכמיטאָג בין איך אויך
מיט דעם טאַטן מיטגעגאַנגען,
אין בית-מדרש פּרק לערנען,
אָדער ברכי נפשי זאָגן.

שפּעטער צווישן מנחה-מעריב,
ווען ס'איז נאָר געוואָרן טונקל
און ס'האָבן זיך גענומען לייגן
שאָטנס אין אַ יעדן ווינקל,

האָט דער שמש אָנגעהויבן
דעם לאַנגן טיש צו גרייטן,
מיט אַ טישטעך, בראָנפן, חלה,
ווי אויך הערינג אויסגעווייקטן.

דער עולם האָט זיך אַרום טיש
גענומען פּראַווען שלוש-סעודות.
אָנגעהויבן האָט דער טאַטע
מיט דעם עולם זינגען זמירות.

מ'האָט געגעסן, אויך געזונגען,
דערציילט מעשיות, אויך געטראַכט.
מען האָט אינגאַנצן נישט באַמערקט,
ווי ס'האָט זיך אָנגערוקט די נאַכט.

מען האָט אָפּגעבענטשט מיט מנין,
דאַווענען מעריב זיך געשטעלט;
יעדנס פּנים איז געווען
נאָך פון שבת ווי באַזעלט.

נאָך הבדלה אין דער היים, האָט
דער טאַטע זיך צעזונגען נאָך.
אַלע האָבן אים געענטפערט
אַ גוטע וואָך! אַ גוטע וואָך!

שפּעטער זענען פריינד געקומען
ווינטשן אַלע אַ גוטע וואָך.
טרינקען טיי, אויך נישט פאַרפעלט
מיט דעם טאַטן שפּילן אין שאָך.

אוי! האָט קיינעם נישט געוואָלט זיך
דאָס שבתדיקע זאָל פאַרגיין.
איטלעכער האָט נאָר געוואונטשן
די וואָכיקייט זאָל נישט אַריין.

12

פון מאָל צו מאָל איז דער טאַטע
קיין פּאַריז אַוועקגעפאָרן
וועגן געשעפט ; אויך צו זען וואָס
פון די ברידער איז געוואָרן.

פלעגט דאָרט פאַרבלייבן ווייניק צייט,
מיט געשעפט געווען פאַרנומען.
שטיל ווי ער איז אָפּגעפאָרן,
אַזוי שטיל צוריקגעקומען.

מיט אַמאָל האָט אָנגעהויבן
אַריינצוקומען צו אונדז אין שטוב
דער שמש פון דעם בית־מדרש —
אַלס גאָט איז ער געווען נישט ליב.

ווי ער פלעגט נאָר אַריינקומען
האָט אַ שאָטן זיך צעשפּרייט
אויף דעם פּנים פון די שוועסטער
וואָס פלעגן קוקן פון דער זייט.

מיט דעם טאַטן פלעגט ער רעדן
אין דער שטיל, מען זאָל נישט הערן.
אַזוי אַ שעה, אַמאָל גאָר מער
און דערנאָך פלעגט ער נישט ווערן.

די שוועסטער האָבן שטיל געפילט
דאָס ער טוט קיין גוטס נישט ברענגען.
זיי האָבן צווישן זיך גערעדט,
ביז ער איז אַוועקגעגאַנגען.

ביז אַ שיינעם שבת אָוונט,
נאָך הבדלה, די געזאַנגען;
האָט דער טאַטע אויסגעפוצט זיך
און איז זיך אַוועקגעגאַנגען.

ווי ער איז נאָר אַרויס פון שטוב,
ווען ער האָט נאָר פאַרמאַכט די טיר,
איז די שוועסטער צוגעגאַנגען
און צוגעצויגן מיך צו איר.

זי האָט מיך אַרומגענומען,
אָנגעהויבן שטאַרק צו וויינען,
מיר געהייסן כ׳זאָל גיין שלאָפן,
נישט פאַרגעסן קריאת־שמע לייענען.

ווען די זון האָט אָנגעהויבן
אין דער פרי אַריינצושיינען,
האָבן מיינע ביידע שוועסטער
אַלץ געהאַלטן אין איין וויינען.

ווען דער טאַטע איז געקומען
איז ער געווען נישט אַליין;
ווען ער האָט די טיר געעפנט
איז אויך אַ פרוי מיט אים געווען.

די שוועסטער האָבן נישט געקאָנט
פאַרטראָגן, דאָס אַ צווייטע פרוי,
זאָל אין שטוב דאָס אָרט פאַרנעמען
פון דער מאַמען אַזוי גענוי!

איבערהויפּט די עלטסטע שוועסטער,
האָט פֿון דעם גאָר שטאַרק געליטן.
ווען נישט איך ווי אויך די שוועסטער
וואָלט זי אויך די שטוב געביטן.

ס'האָט לאַנג אָבער נישט געדויערט
און פֿון פּאַריז האָט מען פֿאַרלאַנגט,
זי זאָל בעסער אַהין קומען
און זי האָט זיי דערפֿאַר געדאַנקט.

זי איז אַהין אַוועקגעפֿאָרן.
געזעגנט זיך מיט טרערן פֿיל,
כ'האָב געפֿילט פּונקט ווי אַ מאַמע
וואָלט מיך געלאָזן אָן אַ ציל.

די שטיף־מוטער האָט גוט געהאַנדלט
און האָט צו אונדז זיך גוט באַצויגן.
ביי דער שוועסטער פֿלעג איך אָפּטמאָל
זען טרערן אין די אויגן.

זי האָט זיך צו אונדז באַצויגן,
נישט ווי עס איז אָנגענומען
אין דער וועלט, דאָס אַ שטיף־מוטער
האָט גאָר נישט קיין גוטן נאָמען.

ווען כ׳בין געוואָרן פערצן יאָר,
איך דעם חשק האָב פאַרלוירן
פון דעם חדר ; אויך דעם ווילן
פון דעם לערנען אָנגעוואוירן.

דער טאַטע האָט מיך צוגערופן,
האָט נישט געפרעגט נישט וואָס, נישט ווען,
אויב איך וויל נישט ווייטער לערנען
וועל איך צו אַרבעט מוזן גיין.

### 13

דער טאַטע פלעגט פון צייט צו צייט
אויף דער לאָטעריע שפּילן.
קיינער קיינמאָל נישט געוואוסט האָט,
נישט צו דאַרפן, דעם נייגער שטילן.

צי ער האָט אַמאָל געווינען?
עס האָט קיינער דערפון געוואוסט;
ביז ער האָט אַמאָל דערציילט אונדז
קיין רוסלאַנד פאָרן אים זיך גלוסט.

עס האָט זיך אים זייער שטאַרק געוואָלט
מיט זיין פאַמיליע זיך צו זען.
שוין לאַנג ווי ער איז פון זיין היים
אַוועק, און מער דאָרט נישט געווען.

ער איז פון דאָרט געווען אַנטלאָפן,
נישט געוואָלט גיין אין דער אַרמיי,
ווען רוסלאַנד האָט געפירט מלחמה;
כאָטש יאָרן פיל זענען פאַרביי.

ר'איז אין שטילקייט אָפּגעפאָרן,
קיינער ווייסן האָט נישט באדארפט,
ווייל געוועזן זענען מוסרים,
וואָס צו מסרן האָבן געוואַרט.

מען האָט אין שטוב זיך שטארק געשראָקן,
ווען ער קיין רוסלאַנד איז געפאָרן.
כשר איז ער דאָרט נישט געוועזן,
ווער ווייסט וואָס מיט אים קאָן פּאַסירן?

ער האָט געזאַמט זיך וואָכן צוויי,
נאָכדעם איז ער צוריקגעקומען.
ער האָט נאָך געהאַט די זכויה
זיך מיט זיין מאַמען אַרומנעמען.

פון זיין פאַמיליע האָט געפעלט
ברודער, שוועסטער און דער פאָטער.
איינע פון די שוועסטער זיינע
איז געוועזן הירשביינס מוטער.

ר'איז געווען זייער צופרידן,
וואָס ער די רייזע האָט געמאַכט,
ווייל דאָס זעען זיך מיט זיין מאַמען,
ווי אַ גאָט־זאַך האָט ער באַטראַכט.

עס האָט אים קיינער נישט געפרעגט
וואו ער האָט דאָס געלט גענומען.
שפּעטער נאָר מיט יאָרן פיל,
האָט ער דערציילט ; ר'האָט עס געוואונען.

אָט אַזוי איז געווען מיין טאַטע,
קיינמאָל נישט געוואָלט דערציילן.
קיינער דאַרף פון גאָרנישט וויסן
צי פון צרות צי פון פריידן.

ווידער איז די צייט געגאַנגען
מיט אירע אומעטיקע טריט.
פאַר מיין טאַטן איז די לאַגע
גאָר נישט געווען אַזוי גוט.

געאַרבעט האָבן אַלע שווער.
קיין נחת האָט מען נישט געזען.
ביז מען האָט געזען אַ גראָשן,
פלעגן חדשים פיל פאַרגיין.

ער פלעגט די סחורה אַוועקשיקן
קיין פאַריז, צום פעטער, ברודער.
איידער דאָס געלט איז אָנגעקומען
איז אים אַלץ געווען דערווידער.

לייען געלט פלעגט ער ביים חלפן,
פראָצענטער זענען געווען גאָר גרויס.
אַלעם וואָס אים פלעגט פאַרבלייבן —
דורכצושטופן דאָס לעבן בלויז.

ער האָט געזען ער קאָן נישט ווייטער
אַזוי אָנגיין מיט זיין געשעפט,
האָט ער אָנגעהויבן טראַכטן
אפשר פאַרלאָזן גאָר די שטאָט.

ער האָט געשריבן צו די קינדער
וועגן אָט דעם דאָזיקן פּלאַן.
ס'האָט נישט קיין זין מער דאָ צו בלייבן
און צו זיי שטימען צו דעם איין.

דער טאַטע האָט ביי זיך באַשלאָסן,
איך זאָל דאָ דערווייל נאָך בלייבן,
ביז זיי וועלן זיך איינגאַנצן
קיין פּאַריז אַריבערקלייבן.

זיי זענען אַלע אָפּגעפאָרן —
דער טאַטע, שוועסטער, שטיף-מוטער.
צום ערשטן מאָל בין איך פאַרבליבן
אַליין איינגאַנצן אָן אַ היטער.

כ׳בין אַלט געווען שוין זעכצן יאָר,
האָב פאַרדינט זיך אויף מיין לעבן.
כ׳האָב נאָר געלעבט מיט דעם געדאַנק
איך זאָל לאנג דאָ נישט פאַרבלייבן.

איך האָב געטראַכט עס וועט נישט נעמען
לאַנג, ביז איך וועל אויך אָפּפאָרן.
עס זענען יאָרן צוויי פאַריבער
ביז עס איז מקוים געוואָרן.

כ׳האָב זיך געלאָזט אין וועג אַריין.
פיר טעג געדויערט דאָס פאָרן.
ווען איך בין דאָרט אָנגעקומען
נשתּומם בין איך אַזש געוואָרן.

פון אַזאַ קליינער שטאָט ווי בראָד,
וואו פאַרבראַכט כ׳האָב מיינע יאָרן.
ווען נאָר איך האָב דערזען פּאַריז,
פאַרוואונדערט בין איך באַלד געוואָרן.

כ׳בין פאַרפאָרן צו מיין שוועסטער,
וואָס איז שוין געוועןְ פאַרהייראַט.
אויך דער ברודער עס געוועןְ איז
און אויך צוויי קינדער שוין געהאַט.

די שטיף-מוטער איז נישט געוועןְ,
האָט גע׳גט זיך מיט דעם טאַטן.
אין דער פרעמד, ווייט פון פאַמיליע,
האָט זיך נישט געפיל צום גוטן.

זי איז צוריק אַהיים געפאָרן
צו אירע שוועסטער אַהיים קיין בראָד.
זי האָט געמוזט זיך פילן עלנד
אין דער גאָר גרויסער ווייטער שטאָט.

דער טאַטע האָט געוואוינט באַזונדער
אין דעם פערטל פון די יידן,
ער האָט געהאַט שוין זיין בית-מדרש
און ער איז געוועןְ צופרידן.

ער האָט געדאַוונט פאַר דעם עמוד,
געפּראַוועט שבת שלוש־סעודות;
צום רב פון שטאָט אַרײַנגעגאַנגען,
געלאָזט אויך הערן זײַנע זמירות.

ער פלעגט נאָר שטענדיק יעדן טאָג
קומען צו דער שוועסטער עסן;
דאָך די אַלטע היים אין גאַנצן
האָט ער נישט געקאָנט פאַרגעסן.

פלעגט זײַן רבין פון משניות
אויף יעדן יום־טוב שיקן געלט.
ער האָט נישט געוואָלט אָפּרײַסן
זיך, פון זײַן פריערדיקער וועלט.

אויך די שוועסטער מײַנע האָבן
נישט פאַרגעסן די פון אַמאָל,
און זיי פלעגן אויך באַקאַנטע
שטיצן זיי פון מאָל צו מאָל.

די עלטסטע שוועסטער האָט געהאַט
אַן אָפּן האַרץ פֿאַר יעדן איינעם.
ווער עס האָט געדאַרפֿט נאָר עפּעס,
אָפּגעזאָגט האָט זי נישט קיינעם.

ס'איז געווען די נעסט, וואו יעדער
זיך אָנוואַרעמען איז געקומען.
ווי ביי זיך, אַיעדער איינער,
האָט זיך אין איר שטוב געפֿונען.

איר מאַן איז געווען אַ קירזשנער,
געאַרבעט האָט ביים פוטער־פאַך.
מיין צווייטע שוועסטער ווי אויך איך
האָבן געלערנט די זעלבע זאַך.

ס'איז פֿאַר מיר זייער שווער געווען
צופּאַסן זיך צום נייעם לעבן.
עס האָט געפֿאָדערט ווי אַן אכזר,
פילע זאַכן אויפצוגעבן.

געקוקט אויף מיר האָט מען מאָדנע,
ווי איך אַרבעט אין אַ היטל.
ס'האָט זיך מיר ווי אויסגעוויזן
דאָס מען קוקט אויף מיר מיט ביטול.

עס איז אַריבער אַ יאָר צייט
און כ'האָב זיך אונטערגעגעבן.
ס'איז געווען אַביסל שווערלעך;
אַזוי געפּאַדערט האָט דאָס לעבן.

15

די צווייטע שוועסטער האָט זיך פּרי
צוגעפּאַסט צום נייעם לעבן.
עס האָט זי אַרומגענומען
נייע האָפנונגען און שטרעבן.

פּאַריז איז איר שטאַרק געפעלן —
אַנזעטיקן זיך נישט געקאָנט,
ווי אַ דאָרשטיקער אין מדבר,
וועמען דער דאָרשט, נאָר מאָנט און מאָנט.

זי האָט די שטאָט געוואָלט קענען,
וואָס מער וועגן איר צו וויסן.
האָט פון אירע טיפע קוואַלן
געוואָלט שעפּן און געניסן.

ז'איז נישט געגאַנגען אין די גאַסן,
ווייל דורך אַ גאַס באַדאַרף מען גיין.
אַ גאַס ביי איר איז געווען געשיכטע,
וואָס איר דערציילט האָט יעדער שטיין.

פאַרליבט געווען אין יעדער זאַך
פון דער סענע און אירע בריקן;
פלעגט זיך איבעראַל פאַרהאַלטן,
אַלץ באַטראַכטן און באַקוקן.

פון אַלץ האָט זי נחת געשעפּט,
האָט נישט געזען קיין קרומע זאַך.
אויף די קלאָשאַרדס* פלעגט זי קוקן
מיט רחמנות און מיט אַ לאַך.

זי פלעגט שטיין און זיי באַטראַכטן,
ווי זיי זאָרגלאָז פלעגן לעבן;
אַ פלאַש וויין, אַ לעבל ברויט
און נאָכדעם — חלומות וועבן.

יעדעם קליינע קרומע געסל
פון דעם לאַטיינישן קוואַרטאַל,
האָט זי געקענט, און ליב געהאַט
צו טרעפן מענטשן, איבעראַל.

---

*) היימלאָזע

די געאָגראַפיע פון מוזעאומס:
לוווער, לוקסענבורג און קליני,
האָט זי געוואוסט אויף די שפּיץ פינגער,
ווי אַ פרומע ווייסט איר תחינה.

מען האָט זי דאָרט זייער גוט געקענט —
געוועזן דאָרט אַן אָפטער גאַסט.
פלעגט אַ יעדע וואָך דאָרט קומען,
ווי אויסלאָדן פון וואָך די לאַסט.

זי האָט זיך דאָרט זייער גוט געפילט
צווישן מענטשנס גייסטיק שאַפן;
זיך געוואָלט מיט אַלץ באַקענען,
אַלץ געוואָלט אין זיך איינזאַפּן.

זי פלעגט באַטראַכטן יעדעס בילד,
יעדע קלענסטע זאַך פון דאָרטן.
האָט געפילט ווי אומגעוואַנדערט
צווישן שטעט פון אַלע סאָרטן.

זי האָט געפּילט אין יעדן בילד,
יעדע זאַך וואָס זי האָט געזען,
ווי עס וואָלט אין זיך פאַרקערפּערט
דורות גאַנצע, וואָס איז געווען.

דערפילן דאָרט אַ טייל פון זיך,
פון דעם וואָס מ׳איז, וואָס איז געווען,
אָט דעם ניצוץ פון גאָטס באַשאַף
קאָנען דערפילן, קאָנען דערזען.

דאָס קאָנען אַלץ אין זיך איינזאַפּן
מיט דער נשמה, מיט די אויגן;
קאָנען אַלץ רויק באַטראַכטן,
שטיין מיט דעם קאָפּ, שטיל געבויגן.

ווען זי פלעגט אויף זיי נאָר קוקן
מיט די אויגן, אירע שטילע,
האָט זיך עפּעס אויסגעוויזן
ווי זי וואָלט געזאָגט אַ תפילה.

זי האָט אויף זיי געטריי געקוקט,
ווי זי וואָלט זיך מיט זיי צערעדט,
ווי זיי וואָלטן איר דערציילן
פון מענטשן, לעבנס און פון שטעט.

זי פלעגט לאַנגזאַם זיך שפּאַצירן
און באַגריסן אַ יעדעס בילד.
עס האָט זיך ווי אויסגעוויזן,
דאָס זיי ענטפערן איר שטיל און מילד.

ווען זי פלעגט פון דאָרט אַרויסגיין
מיט אירע טריט — מיט די שטילע,
האָט זי טיף ביי זיך געפילט
ווי יום-כיפור-נאַכט צו נעילה.

זי האָט אין זיך איינגעזאַפּט
די שיינקייט פון דער אַלטער שטאָט,
אירע אוצרות, אויך איר אַלטקייט
וואָס איבעראַל געווען צעשפּרייט.

ביי דער סענע פלעגט זי שפּאַצירן,
קוקן אין די קאַסטנס ביכער.
פלעגט זיך שטענדיק דאָרטן פילן
אַזוי גוט און אַזוי זיכער.

פיל מאָל פלעגט זי פון איר שפּאַציר
אַהיימבּרענגען אַ בוך צי צוויי,
ז׳איז געווען אַזוי צופרידן,
געגלעט און אויך געצערטלט זיי.

איך געדענק אַפילו איינמאָל
אין אַ שבתדיקן פאַרנאַכט,
האָט זי ביי זיך אונטערן אָרעם
ווינטשעווסקים לידער מיטגעבראַכט.

ווי אַ פרומער ייד גייט דאַוונען
אַ יעדן שבת אין דער פרי,
יעדן זונטיקדיקן אָוונט
צו אַ קאָנצערט, גיין פלעגט זי.

זי פלעגט זיך שטעלן אין דער ריי,
צוזאַמען מיט פיל מענטשן נאָך,
וואָס פלעגן אויך אַהין קומען
צו קאָנצערטן אַ יעדע וואָך.

ווען געקויפט האָט דעם בילעט
איז זי שנעל אַרויפגעלאָפן,
זיך אַ גוטן פלאַץ אויסגעקליבן,
דאָרט באַקאַנטע אויך געטראָפן.

ווען זי פלעגט זיך נאָר צוהערן
מיט ערנסטקייט צו דער מוזיק,
וואָס עס איז געשפילט געוואָרן,
האָט איר פנים געשיינט פון גליק.

ס׳איז געווען ווי אַ דערלייזונג
פון דער אַרבעט די גאַנצע וואָך.
פון די טעג די מאָנאָטאָנע,
פול מיט אַרבעט און פול מיט יאָך.

זי האָט געקענט יעדן באַזוכער,
וואָס פלעגט שטענדיק אַהין קומען.
פלעגט זיצן ווי אין אַ חלום —
מיט טיפקייט די מוזיק פאַרנומען.

מענטשן, וועלכע פלעגן קומען,
ווען בעטהאָווען מען האָט געשפילט,
נאָר זיין מוזיק געוואָלט הערן,
אין דעם גאָטס וואָרט האָבן דערפילט.

ווי ס׳וואָלט זיי געגעבן כוחות,
אויך אַ זינען אין דעם לעבן;
ווי געוועז ס׳וואָלט זייער געבעט-הויז —
זיך דין וחשבון אָפּצוגעבן.

אין דער טונקלקייט געפילט האָט
מענטשנס ליידן אויסגעלייטערט.
קומען דורך די מוזיק-טענער
און איר לעבן ווערט באַרייכערט.

ווען זי האָט דערפילט די טענער
טיף אין האַרץ דרינגען אַריין,
האָט זי דערפילט אויך די אויגן
זיי ווערן פייכט, נישט פון געוויין

זי האָט נישט געוואָלט פאַרלאָזן,
געוואַרט ביז דער לעצטער מינוט.
געוואָלט בלייבן אַלץ וואָס לענגער,
וואו ז'האָט זיך געפילט אַזוי גוט.

אָנגעזעטיקט מיט דעם אַלעם,
פלעגט זי זיך אַהיים שפּאַצירן.
טיף פאַרזונקען אין מחשבות,
קוים די שטיינער פלעגט באַרירן.

ס'בעסטע אָרט וואָס ליב געווען איר,
איז דער לוקסענבורגער גאָרטן;
וואו עס פלעגן אַהין קומען
מענטשן פון אַלערליי סאָרטן.

ז׳האָט געקענט איעדן איינעם,
וואָס פלעגט קומען דאָרט אָפּרוען;
אַמאָל מיט איינעם, מיט אַ צווייטן
פלעגט זי אַ געשפּרעך פאַרציען.

געקענט האָט זי אַ יעדעם ווינקל,
פון דעם לוקסענבורגער גאָרטן.
אַ יעדן בוים, אַ יעדע בלום,
וואָס האָט זיך געפונען דאָרטן.

אָפטמאָל פלעגט זי מיך דאָרטן פירן
ווייזן אַלע מאָנומענטן,
וואָס געפונען זיך אין גאָרטן
פון פיל שרייבער און פּאָעטן.

ס׳איז געווען אַ קילער זונטיק
אין אַ האַרבסטיקן פאַרנאַכט,
זענען מיר אַזוי געזעסן
דאָרטן ביידע שטיל פאַרטראַכט.

פלוצים האָט זי מיר פאַרטרויט —
זיצנדיק אַזוי אין גאָרטן —
דאָס זי האָט עפּעס פאַרשריבן,
וואָס געפינט זיך ביי איר דאָרטן.

זי האָט עס אַרויסגענומען
און מיר לייענען עס געגעבן.
אָט דאָס זענען די אַכט שורות
וואָס געווען דאָרט פאַרשריבן:

„פאַלן בלעטער פון די ביימער,
מענטשן גייען זיי פאַרביי —
טראַכטן גאָרנישט דאָס אויף לעבנס
אָפּגעוועלקטע טרעטן זיי.

אויך די מענטשן וועלן פאַלן
ווי די בלעטער פון די ביימער.
אַנדערע וועלן פאַרבייגיין,
טראַכטן וועט פון זיי נישט קיינער.״

זי האָט ליב געהאַט די בלומען
און דיביימער מיט זייער שאָטן.
זי האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן,
ווען מען איז אויף זיי געטראָטן.

דאָס איז געווען אַ טייל פון גליק,
וואָס פאַריז האָט איר געגעבן.
אַלץ צוזאַמען האָט געבילדעט
איר פאַרשידנאַרטיק לעבן.

## 16

איטלעכער פון מיין משפחה
האָט זיך אין דעם לויף פון יאָרן
צוגעפּאַסט צום נייעם לעבן,
און אַ היימישער געוואָרן.

איך אַליין האָב נישט געקאָנט זיך
צו דעם לעבן צוגעוואוינען.
כ׳האָב דעם תוך פון יידיש לעבן
דאָרטן נישט געקאָנט געפונען.

איך האָב געקאָנט און אויך געוואוסט
פון ניו-יאָרק דער שטאָט דער גרויסער,
מיט איר רוישיק יידיש לעבן,
מען רעדט יידיש ווי אַ וואַסער.

ס׳זענען יאָרן דריי פאַרביי,
דאָס אין פּאַריז איך בין געוועזן.
כ׳האָב ביי זיך גאַנץ גוט געפילט, דאָס
כ׳וועל זיך לאָזן אין וועג אַריין.

ס'איז געווען אין ניינצן־דרייצן,
ווען כ'בין אהינצו אָנגעקומען.
עס האָט עפּעס ווי אַ ציטער
מיך אינגאַנצן דורכגענומען.

די גרויסע צייטונגען אין יידיש
האָבן באַלד פאַרכאַפּט די אויגן,
ווי מען פלעגט זיי לייענען, פאָרן
צו דער אַרבעט איינגעבויגן.

כ'האָב געוואוינט אין יידיש־פערטל,
דעם צענטער פון יידיש לעבן,
וואו מען קערט און וואו מען ווענדט זיך,
טוט מען הערן יידיש רעדן.

דעם גאַנצן טאָג ביי דער אַרבעט —
איז דאָס לעבן געוועזן שווער.
ווען מען איז אַהיימגעקומען,
געהאַט די פיר ווענט און נישט מער.

שבת אָונטס ווי אויך זונטיק,
דאַמאָלס האָט מען ווי אויפגעלעבט.
אין די זאַלן, ביי פאָרטראַגן,
האָט מען חלומות דאַן געוועבט.

פאַרזאַמלונגען פון פּאַרטייען,
מיט פאַרשידענע אידעען
ווי אויך פאַך־אָרגאַניזאַציעס
האָבן זיך אָנגעהויבן זעען.

ס'האָט זיך געקאָכט אין יידיש־פערטל
פון פּאַרטייען, פאַך־פאַריינען.
מען האָט געשטרייקט, מען האָט געקעמפט
אויך פאַרלוירן, אויך געווינען.

ס'איז געוועזן דאַן שעת־יצירה,
צוגעלייגט יעדער האָט אַ האַנט.
מען האָט געלייגט דעם פונדאַמענט
פון יידיש לעבן דאָ אין לאַנד.

מען האָט געפּילט טיף אין האַרצן
די פרייד פון שאַפן און פון בויען.
די לאַנגע שטונדן, קליינע שכירות,
דאָס נישט געקאָנט האָבן פאַרגרויען.

ווען די ערשטע וועלט־מלחמה
אין אייראָפּע איז געקומען,
האָט מיין פאַמיליע אין פּאַריז
אַ גרויסע שרעק אַרומגענומען.

דער טאַטע איז געווען פון רוסלאַנד,
די שוועסטער פון דאָרט געהאַט אַ מאַן;
די צווייטע שוועסטער געהאט מזל,
מען האָט איר דאָרט דערלויבט צו זיין.

שלעכט געווען איז מיט די ברידער —
ביידע אין עסטרייך געבוירן.
דער יונגער ברודער אין אַ קעמפּ
באַלד גענומען איז געוואָרן.

דער עלטסטער ברודער איז אַוועק
אין דער פראַנצויזישער אַרמיי;
איבערגעבליבן אין דער היים
זענען זיין פרוי און קינדער צוויי.

דער טאַטע איז געגאַנגען וואוינען
מיט דער שוועגערין און קינדער.
זי האָט געמוזט גיין צו דער אַרבעט,
כדי עס זאָל איר ווערן גרינגער.

באַקומען האָט אַמאָל דער טאַטע
אַ בריוו מיט פינף און צוואָנציק פראַנק,
פון דעם ברודער, ר׳זאָל עס צעטיילן
צו מענטשן, וועלכע זענען קראַנק.

דאָס געלט באַקומען האָט ער פאַר
אַ רעוואָלווער וואָס ר׳האָט געפונען.
צו די קראַנקע געבן וויל ער
דאָס געלט, וואָס ר׳האָט דערפאַר באַקומען.

זומער, ערגעץ אויף דעם שלאַכט-פעלד,
איז אָנגעגאַנגען אַ גרויסע שלאַכט.
זי איז געווען ווילד, פאַרביטערט
און האָט געדויערט אַ גאַנצע נאַכט.

די שלאַכט איז אָנגעגאַנגען ערגעץ
ביי מאָנאַסטיר, אין סערבן-לאַנד.
די גריבער זענען אַ יעדעס מאָל
איבערגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט.

אין דער שלאַכט האָט מען מיין ברודער
אַ שטאַרק פאַרוואונדעטן געפונען.
נאָכדעם ווי מען האָט אָפּערירט אים,
איז ער צו זיך נישט מער געקומען.

אונדזער בוים פון דער משפּחה,
וואָס האָט פיל בלעטער נישט געהאַט,
ביסלעכווייז אים צו פאַרלאָזן
האָט אָנגעהויבן בלאַט נאָך בלאַט.

אונדזער מאַמע איז געשטאָרבן,
ווען זי איז יונג נאָך געווען.
ווען דער ברודער איז געפאַלן,
איז ער געווען נאָר דריי מאָל צען.

דער טאַטע האָט אַ טרייסט געפונען
אין זאָגן קדיש נאָך דעם ברודער.
דעם גאַנצן טאָג געווען פאַרנומען
זיך אָפּגעגעבן מיט די קינדער.

דער צווייטער ברודער איז אין קעמפּ
קראַנק געוואָרן זייער שווער —
די באַהאַנדלונגען די שווערע
האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן מער.

פון דרויסן האָט מען אַלץ געטאָן,
מען איז איבעראַל געלאָפן.
אויך דאָס פאַלן פון דעם ברודער
האָט אַביסל צוגעהאָלפן.

ענדלעך איז ער באַפרייט געוואָרן,
צו דער שוועסטער איז ער געקומען.
עס האָט געדויערט אַ היפּשע צייט,
ביז זיין געזונט, ער האָט געוואונען.

ס׳האָט אויף אים געלאָזט אַ צייכן,
זיין געזונט איז שוואַך געוואָרן.
די שווערע צייטן פון זיין לעבן
האָבן פאַרקירצט זיינע יאָרן.

18

אין ניינצן-זיבצענטן יאָר
בין איך אין דער אַרמיי אַריין,
דאָ, אין לאַנד וואו יעדער איינער
אין דער אַרמיי האָט געמוזט גיין.

מיין פאַרבלייבן אין דער אַרמיי
איז נישט געווען קיין לאַנגע צייט.
אַלס געבוירענער אין עסטרייך,
האָט מען מיך דאָ באַלד באַפרייט.

כ'בין דאַן אין לעגיאָן אַוועק,
וואָס קיין ישראל איז געפאָרן.
אַלס סאָלדאַט האָב איך פאַרבראַכט
אַרום אַן ערך, ווי צוויי יאָרן.

אויף מיין וועג צוריק פון דאָרטן
כ'האָב אין פאַריז זיך אָפּגעשטעלט,
זיך צו זען מיט מיין פאַמיליע
וואָס האָט מיר אַזוי געפעלט.

זיי זענען שטאַרק געווען דאַקעגן
וואָס איך בין אין לעגיאָן אַוועק.
די גאַנצע צייט וואָס כ׳בין געווען דאָרט,
געלעבט זיי האָבן אין איין שרעק.

געטראַכט: — איין ברודער געווען גענוג
אין דער מלחמה צו פאַרלירן.
זיי האָבן אַלע די גאַנצע צייט
געהאַט פאַרגאָסן גענוג טרערן.

איבערגעלאָזט האָט די מלחמה
אויף אַלעמען אַ שטאַרקן צייכן.
די אַלע צרות פון דעם אומגליק,
זיי האָבן נישט געקאָנט אויסווייכן.

מיין ברודער איז אומגעקומען,
דער צווייטער איז אַרוים באַשעדיקט.
מיין זיין אַוועק אין דער מלחמה
האָט זיי די גאַנצע צייט געפּייניקט.

כ'האָב פאַרבראַכט דאָרט דריי חדשים,
געוועזן צופרידן מיך צו זען.
כ'האָב געוואָלט דאָרט פאַרבלייבן,
ס'האָט אָבער נישט געקאָנט געשען.

כ'האָב מיך צוגעוואוינט צום לעבן
פון דער יידישער ניו-יאָרק.
ס'האָט נישט אויסגעמאַכט אַפילו,
צי פון פרייד אָדער פון זאָרג.

דער טאָג האָט זיך גערוקט וואָס נענטער,
ווען איך האָב באַדאַרפט אָפּפאָרן.
דער טאַטע, שוועסטער ווי אויך שוואָגער,
כ'בין פון זיי באַגלייט געוואָרן.

ווען איך טראָג זיך נאָר אַריבער
אין מיין געדאַנק צו יענער צייט,
ווער איך באַלד אַרומגענומען
פון די בילדער, פון אַזוי ווייט.

דער טאַטע מיט זיין הדרת-פּנים,
ביידע שוועסטער, מיט פייכטע אויגן —
פאַרטראַכט געשטאַנען אין געדאַנקען
און דעם קאָפּ אַראָפּגעבויגן.

אַלע זענען מיר געשטאַנען
שטיל, געקוקט איינער צום צווייטן,
ביז די באַן איז אָנגעקומען
מיט געררויש פון ווייטע ווייטן.

צעקושט האָב איך זיך מיט אַ יעדן,
אַריינגעגאַנגען אין וואַגאָן;
נערוועז געשטאַנען ביי דעם פענצטער,
ביז די באַן האָט אַ ריר געטאָן.

ווייסע טיכלעך, געזיכטער ליבע,
האָבן געהאַלטן אין פאַרשווינדן,
און די ליכטער פון דער ווייטנס
אָנגעהויבן זיך צו צינדן.

—

איבערגעחזרט זיך דאָס בילד
האָט זיך פיל מאָל זינט יענער צייט.
ווייל איך פלעג זיך שטאַרק באַמיען
צו זיי צו קומען פון דער ווייט.

מיין צווייטער ברודער איז געשטאָרבן
אין יאָר ניינצן זעקס און צוואַנציק.
ער איז דעמאָלט אַלט געווען
נאָך נישט אפילו יאָרן פערציק.

עס איז געווען דער רעזולטאַט,
וואָס ער איז אין קעמפּ געוועזן.
האָט עס זיין געזונט אָפּגעשוואַכט
און אים קראַנק איבערגעלאָזן.

נאָך אַ בלאַט אַראָפּגעפאַלן
איז פון אונדזער משפחה-בוים.
נאָך דעם טויט פון צווייטן ברודער
זענען מיר פיר געבליבן קוים.

יאָרן זענען זיך געלאָפן;
עלטער זענען מיר געוואָרן.
שטענדיק, יעדעס צווייטע יאָר,
פלעג איך קיין פאַריז צופאָרן.

ענדע פון יאָר ניין-און-צוואַנציק,
**איז מיין פאָטער קראַנק געוואָרן.**
ער איז דאַן יונג שוין נישט געווען,
געווען באַלאָדן שוין מיט יאָרן.

ר'איז געווען אַריבער זיבעציק,
האָט שטענדיק גוט געהאַלטן זיך.
אָבער ווי אַ שטאַרקער בוים, ווען
ער הייבט אָן פאַלן — פאַלט ער גיך.

אין יענע יאָרן, ווען אויף באַזוך
בין איך אין פאַריז געוועזן,
האָב איך געזען ווי מיינע שוועסטער
טוען מיין פאָטער כבוד ווייזן.

ר׳האָט צוליב דער קראַנקהייט זיינער
געמוזט שטענדיק ליגן אין בעט.
מען האָט אים באַדאַרפט באַדינען
צי פרי בייטאָג, צי ביינאַכט שפּעט.

איך האָב אַליין געזען ווי שווער
פאַר מיינע שוועסטער ס׳איז געווען
מיט דעם טאַטן זיך אָפּגעבן,
אָבער אַזוי איז עס געשען.

עס איז קיין צייט נישט געווען צופיל,
קיין אַרבעט נישט געווען צו שווער;
האָט זיין לאַגע אַלץ געפאָדערט
פון זיי קרבנות מער און מער.

איינמאָל אין אַ געווינסן טאָג
איז מיין שוועסטער געווען אומרויִק.
דערפון די סיבה צו פאַרשטיין
האָב איך נישט געקאָנט זיין פעיִק.

ז׳איז נערוועז אַרומגעגאַנגען,
דעם גאַנצן טאָג מיך אויסגעמיטן.
ווי זי געוואָלט האָט עפּעס טאָן,
פֿאַר וועלכן זי באַדאַרף זיך היטן.

איך האָב געפֿילט עפּעס פּלאָגט איר,
וואָס זי שעמט זיך מיר צו זאָגן.
בין איך צו איר צוגעגאַנגען,
כ׳האָב נישט מער געקאָנט פֿאַרטראָגן.

איך האָב זיך ביי איר געבעטן,
זי קאָן זיך ביי מיר פֿאַרטרויען,
אויב עס איז נאָר וועגן טאַטן,
אפשר קאָן מען עפּעס טאָן.

זי האָט דעם קאָפּ אַראָפּגעבויגן,
מיר אין פּנים נישט געוואָלט קוקן.
פֿון מאָל צו מאָל האָב איך באַמערק
אירע שטילע פייכטע בליקן.

זי פילט די כוחות זי פאַרלאָזן,
זי קאָן עס מער נישט אויסהאַלטן.
אפשר זאָל מען דעם טאַטן געבן
אין איינעם פון די אַנשטאַלטן.

אויף מאָרגן זענען מיר געגאַנגען
אין פּאַריזער ראָטשילד שפּיטאָל.
איך האָב באַמערקט ווי שטאַרק זי ליידט,
אויב חלילה געשען דאָס זאָל.

זי איז דאָרט אַריינגעגאַנגען,
געזאמט זיך דאָרט אַ שעה־צייט.
ווען זי איז אַרויסגעקומען
האָב איך דערזען זי פון דער ווייט.

ווי זי איז אינגאַנצן אַנדערש
ווי ווען זי איז אַריינגעגאַנגען.
האָט געשמייכלט מיר אַקעגן
ווי פון דערלייזונג ז׳איז געפאַנגען.

זי האָט געזאָגט מיר: ס'איז קיין אָרט
קיין ליידיקס אין שפּיטאָל נישטאָ.
דער טאַטע וועט איצט מוזן בלייבן
אין מיין שטוב, אין אַ גוטער שעה.

זי האָט זיך שטיל צו מיר פאַרטרויעט,
זי וואָלט עס נישט איבערגעטראָגן
ווען ער וואָלט אין דער פרעמד געשטאָרבן!
זי האָט עס גאָר נישט געוואָלט זאָגן.

ווען מיר זענען אַהיימגעקומען,
איז זי צום טאַטן צוגעגאַנגען,
און ווי איינער וואָס פילט זיך שולדיק
האָט זי אים שטאַרק אַרומגענומען,

ווי זי וואָלט פון אים געבעטן
איר פאַרגעבן די גרויסע זינד,
דאָס אין אַ מינוט פון שוואַכקייט
האָט זי געטראַכט נישט ווי אַ קינד.

זי האָט זיך נאָך מער אָפּגעגעבן,
קיין איין מינוט פון זיך געטראַכט.
ווי פאַרטומלט אַרומגעגאַנגען
דעם גאַנצן טאָג, ווי אויך ביינאַכט.

זומער ניינצן פיר און דרייסיק,
בין איך געווען דאָרט אויף באַזוך.
מיין טאַטנס לעבן האָט פאַרמאַכט זיך
אַזוי ווי מען פאַרמאַכט אַ בוך.

זיין לעצטע שעה האָט געשלאָגן
און קיין זאַך האָט נישט געהאָלפן.
האָט פאַרמאַכט די אויגן זיינע
און אויף אייביק איינגעשלאָפן.

נאָך דעם טויט פון אונדזער פאָטער,
זענען מיר איצט דריי געבליבן.
ווי דריי בלעטער פון אַ בוך, וואָס
דאַרפן ווערן נאָך פאַרשריבן.

מיינע שוועסטער האָבן געפילט זיך
ווי פאַריתומט צוויי מאָל געוואָרן.
דאָס וואָס דער טאַטע איז געשטאָרבן
אויך די זאָרגן פון די לעצטע יאָרן.

די זאָרגן וואָס זיי פלעגן געבן
דעם טאַטן, ווען ער געווען איז קראַנק,
ביי זיי געווען איז ווי אַ קרבן,
וואָס מען פלעגט ברענגען מיט געזאַנג.

מיין צווייטע שוועסטער — שבת, זונטיק,
ווען זי פון אַרבעט איז פריי געווען,
האָט אינגאַנצן זיך אָפּגעגעבן
און אים מיט אַלעם צוגעזען.

זייער געטריישאַפט צו דעם טאַטן
איז ביי זיי געווען ווי הייליק.
ס׳האָט ביי זיי זיך ווי אויסגעזען
דאָס עס וועט געדויערן אייביק.

ווען איך בין אהער געקומען,
האָב איך נאָך די ערשטע יאָרן
צוגערעדט מיין צווייטע שוועסטער
קיין אַמעריקע צו פאָרן.

ס׳איז איר אָבער נישט געלונגען,
שווער געווען איר מיט פּאַפּירן.
דער חשק אויך געווען נישט שטאַרק,
נישט געוואָלט פון אָרט זיך רירן.

ס׳האָט זיך געפאָדערט שטאַרקע כוחות
זי פון פּאַריז אַרויסצורייסן.
איך ווייס נישט צי זי וואָלט עס געטאָן
ווען גאָט אַליין וואָלט איר געהייסן.

שפּעטער איז שוין געווען צו שפּעט
זיך לאָזן אין אַ פרעמדן לאַנד.
זי האָט בעסער אויסגעקליבן
מיט דער שוועסטער צו זיין ביינאַנד.

זי וואָלט אַליין די עלטסטע שוועסטער
נישט געלאָזן און אָפּגעפּאָרן.
אויך אין פּאַריז, דאָס לאַנגע לעבן
איז אַ טייל פון איר געוואָרן.

עס וואָלט פאַר איר געווען אוממעגלעך
צו אַ נײַ לעבן צוגעוואוינען.
ס'איז נישט געווען דער כוח און ווילן
אויך נישט אַזוינס עס זאָל זיך לוינען.

שטענדיק זײַ געווען צוזאַמען,
זיי וואָלטן נישט געקאָנט זיך שיידן;
איך וואָלט נישט געוואַגט צו טראַכטן
איך זאָל זיי צעטיילן ביידן.

מערער ווי פינף און דרייסיק יאָר
זיי אין פּאַריז האָבן געלעבט.
שווער געווען אָנצוהייבן
אין אַ נײַ לאַנד און נײַע שטעט.

שטענדיק ווען אונדזער פאַמיליע
איז געוואָרן קלענער אין צאָל,
איז דער בונד געוואָרן שטאַרקער
צווישן אונדז אַ יעדעם מאָל.

איך פלעג גאַנץ אָפּט צופאָרן
און זיין מיט זיי אַ שטיקל צייט.
ס׳האָט נישט אויסגעמאַכט די ווייטקייט
וואָס האָט פון זיי מיך אָפּגעשיידט.

די שטוב, מיין שוועסטערס איז געוועזן
פאַר מיר ווי אַ הייליק אָרט,
וואו איך פלעג קומען זיך באַנייען,
זיך צוהערן צו איר וואָרט.

פון אַלטע טיפן, אַלטע קוואַלן,
וואָס אומאויסשעפּלעך איז געווען,
האָט זי געשעפּט אירע זכרונות
און אונדז דערציילט, וואָס איז געשען.

זי פלעגט שטענדיק אונדז דערציילן
פון די פריע ערשטע יאָרן,
פון דער מאַמען, פון דעם טאַטן,
פון זיין קומען, פון זיין פאָרן.

ס׳איז געווען אַ דערקוויקונג
אויפצופרישן אַלטע צייטן,
און בשעת זי פלעגט דערציילן,
ווי עס פלעגט זיך אַלעם בייטן.

די ערשטע יאָרן אין פּאַריז,
די שטאָט מיט די גרויסע וואונדער.
ווי עס האָט זיך שטאַרק געבענקט איר
צו אונדז ביידע יונגע קינדער.

זי פלעגט זיצן און דערציילן,
דערמאָנען זאַכן פון אַמאָל;
פלעגן דאַן אונדז פאַר די אויגן
דורכשוועבן בילדער גאָר אָן צאָל.

ווי נאָכמיטאָג יעדן שבת,
פלעגן חברטאָרנס קומען,
זיי זאָלן מיט מיינע שוועסטער
פאַרברענגען די צייט צוזאַמען.

מען האָט געטאַנצט, מען האָט גערעדט,
דערציילט זיך פון דער גאַנצער וואָך —
פון די היימען פון די אָרעמע,
ס׳האָט געוואָלט זיך אַלץ נאָך און נאָך.

די פרייד פון יוגנט און פון שבת
האָט יעדן אַרומגענומען;
ס׳האָט געפילט זיך ווי עפּעס הייליקס
איז אין שטוב אַרומגעשוואומען.

מען האָט אויך געזונגען לידער
פון טעאַטער און פון אַרבעט.
די פּנימער געווען צעהיצט
פון אויפרעגן און אויך פון פרייד.

מען האָט טשולנט־טיי געטרונקען,
פאַרזוכט האָט מען קיכלעך מיט מאָן,
וואָס די מאַמע יעדן שבת
האָט צוגעגרייט פון שטענדיק אָן.

יעדער איינער איז געזעסן
ווו עס איז אין יעדן ווינקל,
און עס האָט גאָרנישט באַמערקט זיך
ווי ס׳הייבט אָן צו ווערן טונקל.

אין אַ ווינקל איז די מאַמע
שטיל געזעסן און האָט געקוקט,
און מיט טיפער פרייד און נחת
איר פנים איז געווען באַגליקט.

נאָכדעם דאָס גיין אויף דעם שפּאַציר
אין גרויסן גאָרטן פון דער שטאָט.
און מען האָט דאָרטן באַוויזן
דאָס נייע וואָס מען געטראָגן האָט.

די זיסע שטימען ביי דעם זינגען
פון טעאַטער די נייע לידער.
דאָס בעטן איינער ביי דעם צווייטן
צו זינגען נאָך אַמאָל און ווידער.

פון די מיידלעך ביי דער אַרבעט,
פון דעם שווערן אָרים-לעבן,
נאָך אַמאָל דאָס אַלץ צו זעען
וואָלט מען פיל אַוועקגעגעבן.

פון די טאַטעס, פון די שטרענגע,
פון די מאַמעס פול מיט גוטסקייט,
פון דער שווערקייט פון פרנסה
פון חלומות פול מיט שיינקייט.

אַ וועלט פון לאַנגע אַרבעטס-שטונדן,
אַ וועלט פון גוטסקייט און נשמה,
איבערגעבן איינס צום צווייטן
נישט פון קנאה, נישט פון שנאה.

אַט אַזוי פלעגן מיר זיצן
אין דער אַלטער שטאָט פּאַריז,
און צוהערן זיך צו זאַכן
וואָס אַמאָל געוועזן איז.

שטיל מיך פלעגן זיי באַגלייטן
צו דער באַן ביי מיין אָפּפאָרן;
מען האָט ביי זיי שוין אָנגעזען
דעם צייכן פון די שווערע יאָרן.

21

סוף יאָר ניינצן אכט און דרייסיק
בין איך פּאַריז דורכגעפאָרן,
אויף מיין וועג דאַן פון ישראל,
ווי אין די פריערדיקע יאָרן.

כ'האָב דאָרט פאַרבראַכט אַ קורצע צייט,
מיט מייניקע האָב זיך געזעען,
ווער האָט זיך געקאָנט פאָרשטעלן
אַז ס'לעצטע מאָל איז דאָס געוועזן?

ביידע שוועסטער מיט מיין שוואָגער
אין זעלבן הויז האָבן געוואוינט.
איך האָב באַלד אין זיי דערקענט אַז
דאָס לעבן האָט זיי נישט געשוינט.

יעדן פרי-מאָרגן, ווען פון מאַרק
איז מיין שוועסטער אָנגעקומען,
האָט מיין שוואָגער געמוזט העלפן
איר די זאַכן אַרויפנעמען.

עס האָט אין זיי זיך אויך געמערקט,
פון מורא, אַ דערשלאָגנקייט
פאַר די טעג וואָס דאַרפן קומען
און וואָס געווען זענען נישט ווייט.

איך האָב זיי נישט באַדאַרפט פרעגן
וואָס עס הערט און פילט זיך ביי זיי,
אַלץ אַרום זיי האָט מיר דערציילט
ווי אָנגעפילט ס'וואָלט זיין מיט בליי.

זיי זענען יונג שוין נישט געווען
פון טראַכטן ערגעץ אָפּצופאָרן.
עס האָט זיך אויך שטאַרק געוואָלט שוין
רויק לעבן, די לעצטע יאָרן.

פינף און דרייסיק יאָר פאַרלאָפן,
ווי זיי זענען דאָ געקומען,
און דורך מי און שווערער אַרבעט
האָבן דאָ אַ היים געפונען.

אַלע האָבן שווער געאַרבעט
ביי טאָג, ווי אויך זייער אָפט ביינאַכט.
מען האָט אַלץ ליב אָנגענומען,
ווייל ס'האָט זיך שטענדיק אויסגעדאַכט

מען האָט אַ היים דאָ פאַרט געפונען.
אמת, דורך מי און אַרבעט שווערע —
דערצו איז מען געוואוינט געוועזן
נאָך פון די קינדער-יאָרן זייערע.

מען איז פון אַרבעט נישט אַנטלאָפן
פון לאַנגע שטונדן אָפּגעשראָקן,
דער טאַטע ביי זיך אין פאַבריקל,
די מאַמע ביי דעם שטריקן זאָקן.

וואָס האָט מען דען פון אַלץ פאַרלאַנגט?
אַ היים, מען זאָל קאָנען לעבן.
אויך אַמאָל אַ חלום האָבן,
און צו בעסערם קאָנען שטרעבן.

מיר זענען צו דער באַן געפאָרן
אין געדאַנקען שטאַרק פאַרטראַכט,
דורך די וואויל־באַקאַנטע גאַסן,
ביז ס׳האָט זיך אָנגערוקט די נאַכט.

מיר זענען ביי דער באַן געשטאַנען,
וויניק גערעדט נאָר פיל געקוקט.
איינער אין דעם צווייטנס אויגן
האָט עפעס פרעמדס דאָרטן דערבליקט.

ווער ווייסט? קאָן עס זיין דאָס לעצטע מאָל
דאָס מיר דאָ צוזאַמען שטייען?
און ווען מיר זיך איצט צעשיידן
וועלן מיר זיך מער נישט זען?

אָט אַזוי האָט זיך געטראַכט מיר,
ווען איך בין דאָרטן געשטאַנען.
טראַכטנדיק מיט מורא, אפשר
ס׳לעצטע מאָל זענען צוזאַמען.



כ׳האָב זיך מיט זיי שטיל געזעגנט,
אין וואגאָן אַריינגעגאַנגען;
די אויגן פול געוועזן מיט טרערן
אין האַרץ געדריקט האָבן פאַרלאַנגען.

די באַן האָט זיך אַ ריס געגעבן,
אין האַרצן איז געוועזן שווער.
איך האָב זיך שטיל אָוועקגעזעצט,
פון מאָל צו מאָל געווישט אַ טרער.

עס האָט" שטורעם זיך געטראָגן
צו פאַרניכטן די גאַנצע וועלט.
מען האָט עס אין דער לופט געפילט
איינער דעם צווייטן האָט געפרעגט:

וואָס וועט אונדז דער מאָרגן ברענגען?
וואָס וועט מיט אונדזערע דאָרטן זיין?
קאָן די וועלט פון אַט אַזעלכע
לאָזן זיך דעם קאָפּ פאַרדרייען?

די נייעס פון אַט יענער צייט,
וואָס יעדער טאָג האָט דאָן געבראַכט,
איז געווען ווי מען וואָלט פרעגן
וואָס האָט אונדז געבראַכט די נאַכט?

שנעל געלאָפן איז די צייט,
געבראַכט מיט זיך האָט יעדער טאָג
נייעס פון דער צווייטער זייט —
אַלעם מיט אַ שלעכטן אָנזאָג.

די ערשטע צייט פון דער מלחמה
פלעג איך פון זיי נאָך בריוו באַקומען.
עס האָט זיך נישט באַמערקט די מורא,
דאָס היטלער קאָן נאָך דאָרט אָנקומען.

זיי האָבן דאָרט אַדורכגעמאַכט,
מיט יאָרן פריער, דעם ערשטן קריג.
ס'וועט דאָך זיכער נישט זיין ערגער
פון דעם וואָס מיט פיל יאָרן צוריק.

מען איז מיד געווען פון לעבן,
קיין כוח געווען ערגעץ צו לויפן;
אין דער שטיל האָט מען געטראַכט זיך
דאָס ערגסטע וועט מיט זיי נישט טרעפן.

געוואָלט האָט זיך עס נישט גלייבן
דאָס פראַנקרייך, ענגלאַנד און נאָך לענדער.
וועלן קאָנען באַזיגט ווערן
פון די דייטשע מענטשן-שענדער.



ווען זיי האָבן אָבער געזען
ווי מען גרייט זיך צום אַנטלויפן,
האָט אַ שרעק זיי אָנגענומען,
ווער ווייסט וואָס קאָן נאָך דאָ טרעפן?

איינגעפּאַקט אַ ביסל זאַכן
ווערטפולע, מיט זיך מיטנעמען;
אַ לעצטן בליק אַ וואָרף געטאָן,
אַלץ אין זיך אַריינצונעמען.

ס'האָט געקלעמט זיי ביי דעם האַרצן,
וואָס מען מוז דאָס אַלץ פאַרלאָזן.
אַלץ וואָס אַזוי איז ליב געווען
און מ'איז מיט דעם איינס געוואָרן.

מיט שווערע טריט און שווערע הערצער
איז מען די טרעפּ אַראָפּגעגאַנגען,
אין דרויסן אין געלויף פון מענטשן
איז מען געוואָרן באַלד פאַרשלונגען.

די גאַסן זענען פול געווען
מיט מענטשן, קינדער און מיט פּעקלעך.
וועגן פול מיט אויטאָמאָבילן
געווען באַלאָדן ביז די דעקלעך.

זיי זענען צו דער באַן געגאַנגען
ערגעץ ווו אַוועקצופאָרן,
געווען צעטומלט און צערודערט,
ניט געהאַט קיין פּלאַן קיין קלאָרן.

אַלע גאַסן אַרום דער באַן
זענען געווען מיט מענטשן שוואַרץ.
ווי זיי האָבן דאָס נאָר דערזען
איז איינגעפאַלן זיי דאָס האַרץ.

זיי האָבן ביי זיך באַשלאָסן
אַהיימגיין און דאָרטן וואַרטן,
נישט געווען פאַר זייערע כוחות
בלייבן אויף דעם שטיין דעם האַרטן.

זיי האָבן זיך צוריקגעקערט
מיט די קעפּ אַראָפּגעבויגן,
ווי זיי וואָלטן נישט דערוועגט זיך
קוקן יענעם אין די אויגן.

זענען צום הויז צוגעקומען,
צוריק אין שטוב אַריינגעגאַנגען,
שטיל אַוועקגעזעצט זיך אָפּרוען,
ס'האָט זיי אַן אומעט דורכגענומען.

ס'האָט געוואָלט זיך אַרומנעמען,
אַנרירן יעדע זאַך פון שטוב.
מ'האָט געפילט גוט זיך געפינען
ווי אַלעם טייער איז און ליב.

23

די דייטשן זענען אָנגעקומען
און אָנגעפּילט האָבן די שטאָט.
אַזוי ווי גאָר אַ גרויסער אוצר
צו זיי אַריינגעפּאַלן האָט.

פּאַריז, פראַנקרייך צו באַהערשן —
זייער חלום איז געווען פון יאָרן.
זיי האָבן זיך דערלעבט דערצו,
מקוים איז עס איצט געוואָרן.

מיין עלטסטע שוועסטער, וואָס איז שטענדיק
געווען די גוטסקייט אַליין,
איז פאַרוואַנדלט איצט געוואָרן
אין האָס און שנאה ווי אַ שטיין.

זי האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן,
ווען זיי אין גאַס זענען געגאַנגען.
ז'איז געשטאַנען ביי דעם פענצטער,
געקוקט אויף זיי מיט שטאַרע אויגן.

מען האָט מיט מי און שווערקייט,
זי פון פענצטער צוגענומען,
ווייל מען האָט זיך שטאַרק געשראָקן —
ס׳קאָן נאָך צו אַן אומגליק קומען.

ביז איין טאָג זענען די דייטשן
פאַר איר פענצטער דורכגעגאַנגען,
מיליטעריש שטאָלץ מיט חוצפּה,
מיט מוזיק און מיט געזאַנגען.

ז׳האָט עס נישט געקאָנט פאַרליידן,
ס׳האָט איר ווייטיקן פאַרשאַפט.
ז׳איז צום פענצטער צוגעלאָפן
ווי נישט מיט איר אייגענער קראַפט.

זי איז געווען דערשעפּט פון כוח,
זיך נישט געקאָנט אויף די פיס האַלטן,
ז׳איז נישט געווען דער זעלבער מענטש,
אינגאַנצן זיך איבערגעביטן.

ז׳איז צו דער ערד אַוועקגעפֿאַלן,
נישט מער געקאָנט צו זיך קומען.
מען האָט מיט גרויסער מי און שווערקייט
צו דעם בעט איר צוגענומען.

ס׳איז מער קיין האָפֿנונג פֿאַר איר געווען,
זי האָט געלעבט נאָך ווינציק טעג,
נאָר מיט די אויגן זיך געזעגנט
און איז געגאַנגען איר לעצטן וועג.

וויניק מענטשן זענען געקומען
זי באַגלייטן צוליב דער צייט,
זי באַערדיקט איז געוואָרן
פֿון טאַטן, ברודער גאָר נישט ווייט.

24

דאָס שטאַרבן פון דער עלסטער שוועסטער
האָט פאַרזיגלטביידנס לעבן,
ווייל זיי זענען זיך צוזאַמען
שטאַרק געווען איבערגעגעבן.

דער שוואָגער מיט דער צווייטער שוועסטער
זענען אין שטוב אַרומגעגאַנגען,
זיי האָבן נישט געקאָנט באַגרייפן,
וואָס ס׳איז די לעצטע טעג פאַרגאַנגען.

די שטוב, וואו זיי אַזוי פיל יאָרן
אַלע צוזאַמען האָבן געלעבט,
האָט זיך זיי נאָר אויסגעוויזן
דאָס פון דער שוועסטער ז׳איז נאָך באַזעלט.

די שוועסטער האָט נישט געוואָלט טראַכטן
די שטוב אינגאַנצן צו פאַרלאָזן;
עס האָט זיך איר ווי אויסגעוויזן,
זי וועט די שוועסטער איבערלאָזן.

דער שוואָגער ווידער פון זיין זייט,
האָט אין איר געהאַט אַ גלויבן,
דאָס אַזוי לאַנג ווי זי וועט זיין
וועט ער מיט איר דאָרטן בלייבן.

שכנים, פריינט, ווי אויך באַקאַנטע
האָבן זיך ביי איר געבעטן.
האָבן אויסגעאַרבעט פּלענער
ווי זי זאָל זיך קאָנען רעטן.

זיי האָבן איר אויפגעוויזן,
איר דערציילט ווי ס׳איז געפערלעך
צו פאַרבלייבן אין דער וואוינונג,
ווייל עס ווערט אַלץ מער אומטרעגלעך.

זי האָט זיך נישט געלאָזט בייגן,
נישט געוואָלט צו קיינעם הערן,
זי האָט נישט געהאַט אין זינען
וואָס עס קאָן נאָך מיט זיי ווערן.

זיי האָבןביידע דורכגעמאַכט
די שווערקייטן פון דער צייט;
מען האָט אַלץ געהאַט די האָפנונג
דאָס די ישועה איז נישט ווייט.

אַזוי האָבן זיי דערצויגן
ביז חודש מאַי פערציק און פיר,
ביז איינמאָל אין מיטן דער נאַכט
אָנגעקלאַפּט האָט מען אין דער טיר.

די שוועסטער האָט די טיר געעפנט,
פיר מערדער־אויגן האָבן געקוקט.
מען האָט איר ווי אויך מיין שוואָגער
געהייסן גרייט זיין אויף דער מינוט.

מען האָט זיי פון דאָרט פאַרנומען,
אוועקגעפירט אינמיטן דער נאַכט.
ס'האָט שוין אָנגעהויבן טאָגן,
ווען מען האָט זיי ערגעץ געבראַכט.

עס איז געווען דאָס לעצטע מאָל,
וואָס זיי די שטוב האָבן פאַרלאָזן.
זיי האָבן שטיל די טיר פאַרמאַכט,
און האָבן אַלץ איבערגעלאָזן.

דאָס איז געווען דאָס לעצטע מאָל,
וואָס ז'איז די שטאָט דורכגעפאָרן,
וועלכע זי אַזוי געליבט האָט
און וואָס איז איר היים געוואָרן.

אויף מאָרגן האָט מען געבראַכט וועגענער
און מען האָט אַלץ פון שטוב פאַרנומען.
אַזוי איז אַפּגעווישט געוואָרן
וואָס פערציק יאָר געדויערט האָט בויען.

איך קאָן נישט מער ווי זיך פאָרשטעלן,
וואָס איז פון זיי דערנאָך געוואָרן.
זאָל דאָס וואָס איך האָב דאָ פאַרשריבן
פאַר זיי פאַרבלייבן אַ זכרון.



3

**AMERICAN RED CROSS**
**Washington, D. C.**

Form 1616
Rev. Sept. 19

**International Red Cross Committee**
**Geneva, Switzerland**

**CIVILIAN MESSAGE FORM**

**Sender**

Name: Schwartz, Nissen
Street: 119 Prospect Park West
City: Brooklyn 15 State: New York
Citizen of: U. S. A.
Relationship to person sought: Brother-in-law
Chapter: Brooklyn Date: May 10, 1944

**Message**
(News of personal or family character; not more than 25 words)

Dear Family: I have written before and am anxious for news of all. I am well and hope the same of you all. Love from us all.



Deporté par les Allemands

18288

**Addressee**

Name: Jamniak, Simon
Address: 65 Boulevard Saint Germain
Paris 5 Seine
Country: France

Identifying Data
Birthplace and date of birth: Poland 1884
Citizen of: France

Reply on the reverse side — Réponse au verso — 10 OCT. 1944 — Antwort umseitig

לעצטער בריוו, באַקומען פון רויטן־קרייץ אין 1944, מיט דער ידיעה,



**LE SERVICE SOCIAL D'AIDE AUX ÉMIGRANTS**
**391, Rue de Vaugirard, PARIS - XVe**
Par LE PRÄSIDIUM DES DEUTSCHEN ROTEN KREUZES
**AU COMITÉ INTERNATIONAL DE LA CROIX-ROUGE DE GENÈVE**

**DEMANDEUR — ANFRAGESTELLER — ENQUIRER**

Nom - *Name* Barach
Prénom - *Christian name - Vorname* Marthe
Rue - *Street - Strasse* 65 Boulv. St Germain
Localité - *Locality - Ortschaft* à Paris Ve
Département - *County - Provinz*
Pays - *Country - Land*

**Message à transmettre — Mitteilung — Message**
(25 mots au maximum, nouvelles de caractère strictement personnel et familial) - *(nicht über 25 Worte, nur persönliche Familiennachrichten) - (not over 25 words, family news of strictly personal character).*




Mon Cher Frère

Ici santé toujours bonne écris aussi souvent que possible. L'espoir de te revoir nous donne du courage
Affectueux baisers

Date - *Datum* 25 Février 1944 Marthe



**DESTINATAIRE — EMPFÄNGER — ADDRESSEE**

Nom - *Name* Mr Schwartz c/o J. Freberg
Prénom - *Christian name - Vorname* Nissen
Rue - *Street - Strasse* 425-14th Street
Localité - *Locality - Ortschaft* Brooklyn N.Y.
Province - *County - Provinz*
Pays - *Country - Land* U.S. 28 AVR 1944

**ANTWORT UMSEITIG.** Bitte sehr deutlich schreiben.
**RÉPONSE AU VERSO.** Prière d'écrire très lisiblement.
**REPLY OVERLEAF.** Please write very clearly.

צווייטער בריוו פון מיין שוועסטער אין פּאַריז,

באַקומען דורך רויטן־קרייץ אין 1944.

## REPLY—REPONSE

**Message to be sent to inquirer—Message a renvoyer au demandeur**

(not more than 25 words, family news of strictly personal character.)
*(25 mots au maximum, nouvelles de caractère strictement personnel et familial.)*

Cher Frère
Reçu ton message. Heureux
de te savoir bien portant.
Pauline était malade elle va
bien à présent affectueux
baisers




Date — *Date* Paris le 11 Janvier 1943

Signature S. Janniak 65 Bd St Germ




**Please write very legibly** **Prière d'écrire très lisiblement**

ערשטער בריוו פון מיין שוועסטער אין פּאַריז,
באַקומען דורכן רויטן־קרייץ אין 1943.



מיין יונגערע שוועסטער, מייטע, אומגעבראַכט דורך די דייטשן.



מיין עלטסטער ברודער בנימין אין דער פראַנצויזישער אַרמײ.
געפאַלן אינעם ערשטן וועלט־קריג.



מיין עלטסטע שוועסטער חיה פּערל, מיט איר מאַן.
אומגעבראַכט דורך די דייטשן.



מיין מאַמע מיט די עלטערע דריי קינדער, בעת מיין פאָטער האָט פאַרבראַכט אין אַמעריקע, מיט איבער 70 יאָר צוריק.